# רעגירונג הויבט אן צאָלען פענסיע דעם 1טען יאַנואַר

דעם ערשטען יאַנואַר 1940 הויבט אָן די סאָשעל סעקיוריטי באָארד אויסצאָלען די מאָנאַטליכע עלטער פענסיע צו ארבייטער וואָס זיינען אַלט 65 יאָר אָדער עלטער אָדער צו די אלמנות און יתומים וואָס זיינען נאָך זיי געבליבען.

איר זייט באַרעכטיגט צו עלטער פענסיע אויב איר האָט דערגרייכט די עלטער פון 65 יאָר אָדער מער און האָט געאַרבעט אין משך פון די לעצטע דריי יאָר אין אַן אינדוסטרי וואָס האָט פאַר אייך געצאָלט די סאָשעל סעקיוריטי טעקסעס פון איינס פראָצענט פון די שכירות. צו בענעפיט איז אויך באַרעכטיגט די פרוי פון אַן אינשורטען אַרבייטער אויב זי איז 65 יאָר אַלט און קינדער אינגער ווי 18 יאָר.

אויב אַן אינשורטער אַרבייטער שטאַרבט, מאַכט ניט אויס ווי אלט ער איז געווען, איז זיין אלמנה, זיינע קינדער, אָדער זיינע עלטערען באַרעכטיגט צו בענעפיט.

בענעפיט וועט אויסגעצאָלט ווערען בלויז נאָכדעם ווי דער באַרעכטיגטער גיט אַריין אַן אַפּליקאַציע און די צאָלונגען וועלען זיך אָנהויבען פון דעם מאָנאַט וואָס זיין אַפּליקאַציע ווערט אַריינגעגעבען. אויב איר דענקט אַז איר זייט באַרעכטיגט צו פענסיע. גייט אַריין אין נאָהענטסטען אָפיס פון דער סאָשעל סעקיוריטי באָארד און גיט אַריין אייער אַפּליקאַציע. אויב איר נויטיגט זיך אין אַן עצה אָדער הילף אין פאַרבינדונג דערמיט ווענדעט זיך צו אייער לאָקאַל יוניאָן.

## רעגולאַציעס וועגען די אויסצאָלונגען.

אַן ארבייטער וואָס איז אלט 65 יאָר אָדער מער און האָט געאַרבייט אין משך פון די לעצטע דריי יאָר אַמוויינגסטענס זעקס פערטעל יאָר פעריאָדען און פאַרדינט אין יעדען פון די פעריאָדען ניט ווייניגער ווי פופציג דאָלאַר, איז באַרעכטיגט צו פענסיע.

אַן ארבייטער וואָס איז אלט געוואָרען 65 יאָר צווישען יאַנואַר 1937 און יאַנואַר 1940 און ער האָט זעקס פערטעל יאָר פעריאָדען געאַרבייט און פאַרדינט די נויטיגע סומע, איז ער באַרעכטיגט צו פענסיע. אויב איינער איז אַלט געוואָרען 65 יאָר פריהער ווי 1937 און האָט געאַרבייט, מוז ער האָבען די זעקס פערטעל יאָר פעריאָדען בלויז נאָך דעם ערשטען יאַנואַר 1939. זיין אַרבייט דורך די יאָרען 1937 און 1938 ווערען ניט פאַררעכענט.

## וויפיל וועט אַן ארבייטער קריגען פענסיע מאָנאַטליך.

אַן אַרבייטער וואָס איז באַרעכטיגט צו פענסיע וועט עס קריגען אויסגעצאָלט אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבען. די סומע פון דער פענסיע ווענדט זיך אין די דורכשניטליכע שכירות וואָס ער האָט פאַרדינט מאָנאַטליך און די צאָל יאָרען זינט 1937 וואָס ער האָט געאַרבייט און פאַרדינט ווייניגסטענס צוויי הונדערט דאָלאַר אַ יאָר. זיין בענעפיט וועט אָנטרעפען 40 פראָצענט פון די ערשטע 50 דאָלער און 10 פראָצענט פון די איבעריגע געלט איבער 50 דאָלאַר אַ מאָנאַט ביז 250 דאָלאַר אַ מאָנאַט. (פאַרדינסטען איבער 250 דאָלאַר אַ מאָנאַט ווערען ניט פאַררעכענט) אין צוגאָב וועט ער אויך קריגען איינס פראָצענט פון זיינע מאָנאַטליכע פאַרדינסטען, פאַר יעדען יאָר וואָס ער האָט פאַרדינט ווייניגסטענס 200 דאָלאַר אָדער מער.

אַן אַרבייטערס בענעפיט קען ניט זיין ווייניגער ווי צען דאָלער אַ מאָנאַט און ניט מער ווי 85 דאָלער אַ מאָנאַט. אין דעם איז ניט אַריינגערעכענט די בענעפיט וואָס ער קען קריגען פאַר זיין פרוי אויב זי איז אין דעם עלטער און פאַר זיינע יונגע קינדער.

די סומע צו וועלכע אַן אַרבייטער איז באַרעכטיגט ווערט אויסגערעכענט אויף פאָלגענדען אופן: מען רעכענט צונויף די סומע וואָס ער האָט פאַרדינט אין שכירות פון דעם ערשטען יאַנואַר 1937 ביז דעם אָנהויב פון דעם פערטעל יאָר אין וועלכען ער ווענדט זיך נאָך פענסיע. מען צעטיילט דאַן די גאַנצע סומע אויף דער צאָל מאָנאַטען וואָס עס זיינען געווען אין דער פעריאָדע און דער רעזולטאַט איז די דורכשניטליכע מאָנאַטליכע פאַרדינסטען פון דעם אַרבייטער.

אַ חוץ די בענעפיט צו וועלכע אַן אינשורטער אַרבייטער איז אַליין באַרעכטיגט איז זיין פרוי, אויב זי איז אויך 65 יאָר אַלט אָדער מער, באַרעכטיגט צו אַ פענסיע, איין העלפט פון דער סומע צו וועלכער איר מאַן איז באַרעכטיגט. אויב זי האָט אויך געאַרבייט און איז באַרעכטיגט צו פענסיע אויף איר אייגענעם רעכענונג, קריגט זי די גרעסערע סומע פון די צוויי. צו אַ העלפט פון דער סומע וואָס זיין פענסיע טרעפט אָן איז אויך באַרעכטיגט אַ קינד פון דעם אינשורטען אונטער 18 יאָר אַלט. די גאַנצע פענסיע אָבער פאַר דער גאַנצער פאַמיליע פון אַן אינשורטען אַרבייטער קען ניט אָנטרעפען מער ווי נאָך אַמאָל אַזוי פיל ווי די סומע צו וועלכער ער אַליין איז באַרעכטיגט. און אין קיין פאַל ניט מער ווי 85 דאָלאַר אַ מאָנאַט.

אַן אַרבייטער איז ניט באַרעכטיגט צו זיין פענסיע פאַר אַ מאָנאַט אין וועלכען ער האָט געאַרבייט און פאַרדינט 15 דאָלאַר אָדער מער.

ווען אַן אינשורטער אַרבייטער שטאַרבט, אַפילו ווען ער איז נאָך ניט אַלט געווען קיין 65 יאָר, איז זיין אלמנה באַרעכטיגט צו פענסיע אויב זי איז אַלט 65 יאָר אָדער האָט פון אים אַ קינד וואָס איז אינגער פון 18 יאָר. די סומע וואָס זי קריגט איז דריי־פערטעל פון דער סומע צו וועלכע ער וואָלט באַרעכטיגט געווען אויב ער וואָלט געדאַרפט קריגען זיין פענסיע אין דער צייט. דאָס הייסט עס הענגט אָפּ אָן די דורכשניטליכע שכירות וואָס ער האָט פאַרדינט אַ מאָנאַט און די צאָל יאָרען וואָס ער האָט געאַרבייט נאָך 1937 ווי מיר האָבען עס פריהער באַשריבען. אַן אלמנה איז באַרעכטיגט צו דער פענסיע בלויז ווען זי הייראַט ניט אַ צווייטען מאָל און האָט ניט קיין פענסיע פאַר איר אייגענער אַרבייט. ווייניגסטענס אַזוי פיל ווי די סומע צו וועלכער זי איז באַרעכטיגט דורך איר מאַנ'ס אינשורענס. אַ קינד פון אַן אינשורטען אַרבייטער אינגער ווי 18 יאָר איז באַרעכטיגט צו איין העלפט פון דער סומע צו וועלכער זיין פאַרשטאָרבענער פאָטער וואָלט באַרעכטיגט געווען אויב ער וואָלט געקראָגען די פענסיע. ווען אַן אינשורטער אַרבייטער שטאַרבט און לאָזט ניט קיין אלמנה אָדער קינד וואָס איז באַרעכטיגט צו פענסיע, זיינען זיינע עלטערען, אויב זיי זיינען 65 יאָר אַלט און זיינען ביז זיין טויט געווען אין גאַנצען אָפּהענגיג אָן אים, באַרעכטיגט צו איין העלפט פון דער סומע וואָס עס וואָלט אים געקומען.

אויב אַן אינשורטער אַרבייטער שטאַרבט און לאָזט ניט נאָך זיך קיינעם וואָס איז באַרעכטיגט צו אַ מאָנאַטליכע פענסיע, צאָלט די רעגירונג אויס צום נאָענטסטען יורש אַ סומע געלט מיט איין מאָל וועלכע טרעפט אָן זעקס מאָל אַזוי פיל ווי די סומע צו וועלכער דער אַרבייטער וואָלט באַרעכטיגט געווען אין צייט ווען ער איז געשטאָרבען.

דאָס זיינען אין קורצען די געזעצען און רעגולאַציעס וועגען עלטער פענסיע. איבערהויפּטליך קען זיך עס אויסווייזען זייער קאָמפּליצירט. ווען איר וועט אָבער פאָרזיכטיג איבערלייענען די פאַרשריפטען וועט איר עס פאַרשטיין. אויב איר דאַרפט זיך ווענדען נאָך בענעפיט און עפּעס איז אייך ניט קלאָר, ווענדעט זיך אין אייער לאָקאַל פאַר אינפאָרמאַציע און ראַט.

## קלאָוקמאַכער אויפמערקזאַם!

עס ווערט ערוואַרטעט אַז אַרבייט פאַרן ספּרינג סעזאָן וועט זיך אין גיכען אָנפאַנגען. עס איז וויכטיג פאַר דער יוניאָן אָנצוהאַלטען דעם שטרענגסטען קאָנטראָל וואָס נאָר מעגליך כדי אויפצוהאַלטען די סטאַנדאַרדס דעם קומענדיגען סעזאָן.

מיר לאָזען דעריבער וויסען די מיטגלידער פון אַלע לאָקאַלס וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אָן דער דזשאָינט באָארד, אַז אַלע פּרייז סעטעלמענטס מוזען געמאַכט ווערען צוזאַמען מיט די באַאַמטע וואָס די דזשאָינט באָארד האָט באַשטימט פאַר יעדען שאַפּ. איך פאָדער דעריבער אַלע מיטגלידער אָנצוהיטען אָט די רעגולאַציע אין יעדען פאַל. אַלע שאַפּ־קאָמיטעס מוזען קריגען אינסטרוקציעס פון דעם באַאַמטען פון דזשאָינט באָארד אידער זיי סעטלען פּרייזען.

ישראל פיינבערג,
גענעראַל מענעדזשער קלאָוק
דזשאָינט באָארד.

# בילדונגס־טעטיגקייטען פון קלאָוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל 117 פאַר'ן מאָנאַט יאַנואַר.

די עדיוקיישאָנעל קאָמיטע פון קלאָוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל 117 אָנאָנסירט די פאָלגענדע בילדונג־פּראָגראַם פאַר די מיטגלידער היינטיגען מאָנאַט:

פאָלגענדע לעקציעס זיינען איינגעאָרדענט געוואָרען פאַר יעדען זונטאג, צוועלף אַזייגער ביי טאָג, אין די פארשידענע געגענטען פון שטאָט, וואו די קלאָוק אָפּערייטאָרס וואוינען:

זונטאג, דעם 7טען יאַנואַר —
בּאָרא פּארק לייבאָר לייסעאום, 1377 — 42טע סטריט, נעבען 14טע עוועניו.
קוני איילאנד, 2202 מוירמעיד עוועניו, נעבען 22טע סטריט.
בראָנקס, 991 סאָוטערן בולוואַרד, נעבען 163טע סט.
בראָנזוויל, 1690 פּיטקין עוו., נעבען ראַקאַוועי עוו.

זונטאג, דעם 14טען יאַנואַר —
איסט ניו יאָרק, 971 סאַטהער עוועניו, נעבען קליוולאנד עוועניו.
בראָנקס, 1955 סאָוטערן בולוואַרד, נעבען טרימאָנט עוועניו.

זונטאג, דעם 21טען יאַנואַר —
בראָנקס, 991 סאָוטערן בולוואַרד, נעבען 163טע סט.
בּאָרא פּארק, 1377—42טע סט. נעבען 14טע עוו.
קוני איילאנד, 2202 מוירמעיד עוו, קאָר. 22טע סט.
בראָנזוויל, 1690 פּיטקין עוו., נעבען ראַקאַוועי עוו.

זונטאג, דעם 28טען יאַנואַר —
איסט ניו יאָרק, 971 סאַטהער עוו., קאָר. קליוולאנד.
בראָנקס, 1955 סאָוטערן בולוואַרד, נעבען טרימאָנט.

די לעקטאָרס אין די אלע פּלעצער וועלען זיין פּראָמינענטע פארטרעטער פון דער ארבייטער, געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע קרייזען. די קלאָוקמאַכער ווערען געבעטען צו קומען צו די לעקציעס וועלכע וועלען זיכער זיין אויף אינטערעסאַנטע טעמעס און באַלערנד.

## אונזערע אָפען פאָרומס

די עדיוקיישאָנעל קאָמיטע פון לאָקאַל 117 פירט אויך אָן אָפען פאָרומס אין אָפיס פון לאָקאַל, 242 וועסט 36טע סטריט, מיטוואָך און שבת, וואו עס ווערט איינגעלייטעט און דיסקוטירט פארשידענע אינדוסטריעלע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּראָבלעמען. מיטוואָך ווערען די פאָרומס ערעפענט איינס אַ זייגער ביי טאָג. שבת — עלף אַזייגער אין דערפרי. פאָלגענדע פאָרומס וועלען געהאַלטען ווערען דורך דעם מאָנאַט יאַנואַר: מיטוואָך, דעם 10טען, שבת, דעם 20טען און מיטוואָך דעם 30טען.

עקזעקוטיוו באָארד לאָקאַל 117.
ב. באדלענדער, טשערמאַן.
בענדזשאמין קאפּלאַן, מענעדזשער.
עדיוקיישאָנעל קאָמיטע
מ. פיינבערג, טשערמאַן.
א. גלאַטשטיין, סעקרעטער.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
76 Montgomery St., Jersey City, N. J.

General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-[illegible]

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXII. No. 1. [illegible] January, 1940

Entered as Second Class Matter, August 7, 1919 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXII. No. 2. — Jersey City, N. J., February, 1940 — Price 10 Cents

## דער אנגעפאנגענער וואהל־קאמף אין דער אינטערנעשאנאל

דער וואהל־קאמף אין די לאקאלס פון דער אינטערנעשאנאל האט זיך אפיציעל אנגעהויבן. דער ערשטער צייכען איז געווען דאס אויפוואכען פון די קלובען, וואס זיינען בארעכטיגט צו עקזיסטירען פאר דריי חדשים פון דער צייט פון וואהל־קאמף. אויב אלע פון זיי האבען טאקע געשלאפען ביז דער וואהל־קאמף האט זיך אנגעפאנגען קען קיינער ניט גאראנטירען, אבער מיר נעמען אן, אז די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל האבען שטרענג אפגעהיט דעם פארבאט געגען דער עקזיסטענץ פון קלובען אין די לאקאלס און די באאמטע פון דער יוניאן האבען זיכער אויפגעפאסט, אז דער פארבאט זאל אפגעהיט ווערען. און דאס וועט אויך זיין אזוי ווייטער, נאכדעם ווי דער איצטיגער וואהל־קאמף וועט זיין פאריבער.

מיר נעמען זיך ניט אן פאראויסצוזאגען ווי אזוי דער וואהל־קאמף וועט זיך אנטוויקלען און וואס פאר א כאראקטער ער וועט אננעמען. מיר קענען בלויז זאגען, אז פארלויפיג, ווי ווייט מען קען אורטיילען פון דער קאמפיין ליטעראטור איז אין אלגעמיין זיך ניטא אויף אים וואס צו באקלאגען. הלוואי אויף ווייטער ניט ערגער.

און אויב עס זאלען ניט פארקומען קיין איבערראשונגען וועט דער וואהל־קאמף אין אלגעמיין געפירט ווערען לויט א שארף געסטילטער ליניע — לאיאלע יוניאן־מיטגלידער פון איין זייט און סטאלין־היטלער קאמוניסטען פון דער אנדערער זייט. עס מאכט ניט אויס אונטער וואס פאר א נאמען די סטאלין־היטלער קאמוניסטען וועלען זיך באהאלטען, מען וועט וויסען ווער זיי זיינען. מען דערקענט דעם וואלף, ווען ער באדעקט זיך אפילו מיט א שעפסענע פעל. דאס איז אין דעם איצטיגען מאמענט אויף די נאטירליכסטע טיילונג. זינט סטאלינס שענדליכען פארראט צו שליסען כאווערשאפט מיט היטלער'ן איז אט די טיילונג געווארען ניט בלויז אן אונפארמיידליכע, נאר א הייליגער געבאט אין דער ארבעטער באוועגונג. די סטאלין־היטלער קאמוניסטען זיינען איצט פאר אלץ וואס איז פארהאסט און פארדאמט פון דער ארבעטער־באוועגונג און פון אלע דעמאקראטישע און פראגרעסיווע מענשען אין דער וועלט. זיי זיינען היינט ניט בלויז דער שעדליכסטער עלעמענט פאר דער ארבעטער־באוועגונג, נאר פאר דער אלגעמיינער פראגרעסיווער געזעלשאפט.

אלע פראגרעסיווע ציוויליזירטע פעלקער לעבען אין שרעק, אז דער גרויזאמער מאנסטער, וואס הייסט היטלער, זאל ניט באהערשען די וועלט און זייערע אויגען זיינען געווענדעט מיט דער האפענונג צו ענגלאנד און פראנקרייך, אז זיי וועלען דורך דער איצטיגער מלחמה מאכען א סוף צו דער גרויסער געפאר, וואס לויערט אויף דער וועלט. די סטאלין־היטלער קאמוניסטען אבער האפען און ווארטען אויף דעם זיג פון היטלער'ן, וועמען סטאלין העלפט מיט אלץ, וואס ער קען.

מיט די קאמוניסטען פריהער האט מען געקענט זאגען, אז עס איז ביי אונז א קאמף וועגען פאליטישע מיינונגען און ריכטונגען. דאס קען אבער ניט געזאגט ווערען וועגען די איצטיגע סטאלין־היטלער קאמוניסטען. מיט היטלער'ן איז עס ניט קיין קאמף וועגען פאליטישע מיינונגען, נאר עס איז א קאמף מיט א ווילדער בלוטיגער בעסטיע.

***

נאר די פארדאמונג פון די סטאלין־היטלער קאמוניסטען קען בלויז זיין א פונקט פון א פראגראם, אבער עס קען ניט אויספילען קיין גאנצע פראגראם. אין דער גרויסער און פיל פארצווייגטער אינטערנעשאנאל זיינען פאראן א סך פראבלעמען. פאר די דריי יאר, זינט עס איז אפגעהאלטען געווארען די קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל אין אטלאנטיק סיטי, האבען זיך אנגעקליבען פראגען, וואס ווארטען אויף אן ענטפער. עס זיינען פארגעקומען ענדערונגען אין דעם לעבען פון דער אינטערנעשאנאל און אין דער גאנצער אמעריקאנער ארבעטער באוועגונג, פון וועלכער זי איז א וויכטיגער און איינפלוסרייכער טייל. עס זיינען פארגעקומען פאליטישע ענדערונגען און די קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל קומט זיך צונויף ערב א העכסט וויכטיגען פרעזידענטען וואהל קאמף, אין וועלכען די ארבעטער פון אמעריקע זיינען אויסערגעוויינליך פאראינטערעסירט. און מיר קענען אויף א מינוט ניט פארגעסען, אז די וועלט שטעהט אין פלאמען און אז א גרויסע געפאר דראהט די ציוויליזאציע און דעם פראגרעס פון דער מענשהייט. די אינטערנעשאנאל קאנווענשאנס האבען זיך קיינמאל ניט באשרענקט בלויז מיט די פראבלעמען פון איר אייגענער ארגאניזאציע. זיי האבען אלע מאל גענומען א טיפען אינטערעס אין די פראגען פון דער אלגעמיינער ארבעטער־באוועגונג און ניט בלויז אין די עקאנאמישע נאר אויך אין די פאליטישע. און וואס גרעסער עס איז געווארען די אינטערנעשאנאל און וואס מער עס איז געוואקסען איר איינפלוס, אלץ ברייטער און ווייטער איז געווארען דער קרייז פון פראגען, אין וועלכע זי איז פאראינטערעסירט.

די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל האבען דעריבער אין דעם איצטיגען וואהל־קאמף א סך צו דיסקוטירען און צו דעבאטירען. עס איז ניט קיין קאמף צו ערוועהלען דעם אדער יענעם פאר א דעלעגאט צו דער קאנווענשאן, נאר וואס פאר א שטעלונג דער געוועהלטער דעלעגאט דארף נעמען צו דער אדער יענער פראגע, וואס וועט פארהאנדעלט ווערען אויף דער קאנווענשאן.

מיר האפען, אז דער וואהל־קאמף, וואס האט זיך אנגעפאנגען, וועט דורכגעפירט ווערען ביז צו זיין סוף אויף א ציוויליזירטען און אינטעליגענטען אופן און די פאסיגסטע דעלעגאטען וועלען דערוועהלט ווערען.

***

## דער זיג איבער דער אלפינא גארמענט קא.

דער זיג פון דער אינטערנעשאנאל איבער דער „אלפינא גארמענט קאמפאני" איז פון א גאנץ באזונדער וויכטיגער באדייטונג. עס איז ניט קיין לאקאלער זיג אין מישיגען, וואו דער לאנגער, שווערער קאמף איז געפירט געווארען, נאר ער האט א נאציאנאלע באדייטונג. דער זיג איבער דער „אלפינא גארמענט קא." וועט אפקלינגען איבער גאנץ אמעריקא.

דער קאמף מיט דער „אלפינא גארמענט קא." איז געווען איינער פון די לענגסטע, וואס די אינטערנעשאנאל האט געפירט. ער האט אנגעהאלטען 18 חדשים, פון וועלכע די לעצטע דריי זיינען געווען אין אקטיווען סטרייק, און איז געפירט געווארען מיט גרויס פארביטערונג. דער געגנער איז געווען א שטארקער און ער האט זיך ניט געוואלט אונטערגעבען. עס איז נאטירליך ביי אזעלכע שווערע לאנגע פארצויגענע סטרייקס, אז סיי די סטרייקער סיי זייערע פירער זאלען אנפאנגען מיד ווערען און ממילא אויך אנפאנגען צווייפלען אין דער מעגליכקייט פון אן ענדליכען זיג. ווארשיינליך זיינען געווען אויך אזעלכע מאמענטען אין דעם אלפינא סטרייק, אבער דער קאמפס־גייסט און דער קאמפס־לוסט, וואס די אינטערנעשאנאל פלאנצט איין אין אירע מיטגלידער און די ערפארונג, די אויסדויער קראפט, וואס די פירער און די ארגאניזירער פון דער אינטערנעשאנאל האבען געוואונען אין די פילע קאמפען, וואס זיי איז אויסגעקומען צו פירען, האבען געהאלפען געווינען אויך דעם גאנץ באזונדערס שווערען אלפינא סטרייק. נאר דאס אלץ וואלט אויך ניט געווען גענוג, ווען הינטער די בראווע אנטשלאסענע קעמפער אויף דעם שלאכט־קאמף אין מישיגען וואלט ניט געשטאנען דער גרויסער כח פון דער אינטערנעשאנאל.

די „אלפינא גארמענט קאמפאני" איז איינע פון די גרויסע, רייכע קאטען דרעס פירמעס אין לאנד, וואס איז פעט געווארען, ווי פילע אנדערע פון איר מין, פון דער אומבאשרענקטער עקספלואטאציע פון ניט־יוניאן ארבעט. דעריבער איז אזוי שווער צו קעמפען געגען אזעלכע פירמעס. אויסער, וואס זיי האבען אין די שטעט און אין די שטעטלאך, וואו זייערע שעפער געפינען זיך, א גרויסען פאליטישען איינפלוס, וואס מאכט די יוניאן א סך שוועריגקייטען אין איר קאמף, האבען זיי אויך גרויסע פארמעגענס צו קענען אויסהאלטען א לאנגען קאמף. ענדליך אבער איז די „אלפינא גארמענט קא." געקומען צו דער איבערצייגונג, אז זי האט זיך פארמאסטען מיט א כח, וואס איז שטארקער פון איר און אז עס וועט זיין בעסער פאר איר זיך אונטערצוגעבען און פארבלייבען אויף ווייטער אין דער אינדוסטריע פון קאטען דרעסעס, וואו זי האט אנגעלעגט אזא גרויסען פארמעגען. זי וועט טאקע דארפען צאלען אירע ארבעטער א העכערען ארבעטס־לוין און פארקלענערען זייערע ארבעטס־שטונדען, אבער עס איז די אלטע געשיכטע, אז מען קען ניט ארויף מוז מען ארונטער.

דער זיג פון דער אינטערנעשאנאל איבער דער אלפינא גארמענט קא. וועט זיכער האבען א ווירקונג אויף די אנדערע קאטען דרעס פירמעס אין די פארשיידענע טיילען פון אמעריקא, געגען וועמען די אינטערנעשאנאל האט אנגעפאנגען אדער גרייט זיך אנצופאנגען אן ארגאניזאציאנס קאמף. די מאנופעקטשורערס וועלען זיך שטארק פארטראכטען, אויב עס לוינט זיך זיי דער קאמף. די „אלפינא גארמענט קא." וואלט א סך איינגעשפארט, ווען זי וואלט דורכגעקומען מיט דער יוניאן מיט 18 חדשים צוריק.

***

## די זעלבינע אורזאכען ביי שניידער און ביי קלאוקמאכער

אויב עס איז ריכטיג, אז צרת רבים חצי נחמה, וועלען זיך די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער קענען א ביסעל טרייסטען, ווען זיי וועלען זיך דערוויסען, אז עס איז ניט בלויז זיי אליין שלעכט, נאר אז עס איז אויך שלעכט די מענער־שניידער. מיר זעהען עס פון דעם לעצטען באריכט פון לואיס האלענדער, דער מענעדזשער פון דער ניו יארקער אמאלגאמייטעד דזשאינט באארד. עס איז געווען א שלעכטער סעזאן פאר די מענער־שניידער, דערצעהלט לואיס האלענדער. ניט געווען קיין ארבעט. און אט דאס איז אויך געווען די אורזאך, דערצעהלט לואיס האלענדער, וואס די אמאלגאמייטעד האט אויפגעגעבען איר פאדערונג פאר א העכערונג פון ארבעטס־לוין, וואס זי האט זיך געגרייט צו שטעלען די באלעבאטים. דאס איז גאנץ נאטירליך און פארשטענדליך. א יוניאן קען ניט אויפנעמען א קאמף פאר העכערע ארבעטס־פרייזען, ווען די לאגע אין טרייד איז א געדריקטע און עס איז ניטא קיין ארבעט.

די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער האבען דעריבער ניט וואס מקנא צו זיין די מענער־שניידער.

נאר פאר וואס איז ביי די מענער־שניידער אזוי שלעכט די צייט? לואיס האלענדער האט עס פרובירט ערקלערען און דאס וועט אפשר זיין אינטערעסאנט צו הערען אויך פאר די קלאוקמאכער. ער גיט אן דריי

אורזאכען. ערשטענס די אומשטאנדהאפטיגע פרייזען פון וואלען־שטאף, וועלכע האבען זיך, צוליב דער מלחמה, געווארפען ווי אין א קדחת ארויף און אראפ. דא פלעגען זיי שטייגען און דא פלעגען זיי פאלען. די גרויסע קלוידער פאבריקאנטען האט דאס ווייניג אנגערירט. זיי האבען געהאט גרייט גענוג געלד צו קויפען, ווען די פרייזען פלעגען פאלען. אנדערע פון זיי האבען נאך דערפון א סך פראפיטירט. עס איז געווען א גוטע ספעקולאציע. עס איז אבער געווען שלעכט פאר די קליינע באלעבאטים, וועלכע קויפען, ווי מען קען זאגען, פון האנד אין מויל, ווייל זיי האבען נים גענוג קאפיטאל. פאר זיי איז געווען דאס פלוצימדיגע שטייגען און פאלען פון די וואל־שטאף פרייזען אן אומגליק, זיי האבען נים געקענט אנגעהן מיט זייער פראדוקציע. צווייטענס איז פאר קליינע פאבריקאנטען אין די לעצטע פאר יאר אין אלגעמיין שווער געווארען זיך צו האלטען אין דער מענער־קליידער אינדוסטריע. עס איז געווען א צייט, ווען עס האט אויסגעוויזען, אז די קליינע באלעבאטים וועלען ארויסקאנקורירען די גרויסע פירמעס פון דער מענער־קליידער אינדוסטריע. אין די לעצטע פאר יאר אבער האט זיך עס געענדערט. פאר די קליינע מאנופעקטשורערס איז געווארען שווער זיך צו האלטען און א סך פון זיי גיבען אויף זייערע שעפער. און ווען שעפער שליסען זיך בלייבען די שניידער אהן ארבעט. זיי קענען באלד נים קריגען קיין אנדערע פלעצער, וואו צו ארבעטען. דריטענס, האט אויך א ווירקונג די מאדע. די ספארט רעקלאך און די אזוי גערופענע „סלעקס", וואס זיינען לעצטענס אזוי שטארק אריין אין דער מאדע, באזונדערס ביי דער יוגענט, און זיי זיינען א גרויסע קאנקורענץ פאר די רעגולערע סוטס. עס איז פאראן ביי זיי א סך ווייניגער ארבייט און זיי זיינען א סך ביליגער.

עס שיינט אונז, אז די דאזיגע דריי אורזאכען, וואס לואיס האלענדער האט אנגעגעבען פאר דעם שלעכטען סעזאן אין דער מענער קליידער אינדוסטריע, קענען אויך אין א גאנץ גרויסער מאס צוגעפאסט ווערען צו דער קלאוק־אינדוסטריע. די ערשטע אורזאך, וואס האט צו טאן מיט די שטייגענדע און פאלענדע פרייזען פון וואלען־שטאף, איז דאך געוויס אויך די זעלביגע ביי קלאוקס. מאכט מען דאך אויך קלאוקס פון וואלען־שטאף און אויך די קליינע קלאוק־מאנופעקטשורערס האבען נים גענוג קאפיטאל זיך אנצוגרייטען מיט סחורה, ווען עס איז ביליג. אויך אין דער קלאוק־אינדוסטריע זיינען א סך קליינע מאנופעקטשורערס געצוואונגען געווען די לעצטע צייט צו פארמאכען זייערע שעפער. מיר קענען נים זאגען, אז עס איז אויף דעם זעלביגען אופן ווי אין דער מענער קליידער אינדוסטריע, ווייל לויט לואיס האלענדער'ס ערקלערונג קומט אויס, אז די קליינע מאנופעקטשורערס קענען זיך דעריבער נים האלטען, ווייל עס ווערט זיי אלץ שווערער אויסצוהאלטען די קאנקורענץ פון די גרויסע. עס הייסט, אז אויך אין דער שניידער־אינדוסטריע האט זיך אנגעפאנגען ווייזען דער כח פון קאנצענטראציע פון קאפיטאל און אז די אלטע סאציאליסטישע מארקסיסטישע טעאריע, אז די גרויסע אינדוסטריעלע העכט שלינגען איין די קליינע, האט זיך אנגעפאנגען ארויסווייזען ריכטיג אויך ביי די שניידער. ביז נים לאנג צוריק האט מען געגלויבט, אז די נאדעל־אינדוסטריע איז אין דעם פרט אן אויסנאם. אפשר צוליב דעם, וואס עס איז אן אינדוסטריע, וואס ליגט אין אידישע הענט, דארף זי דעריבער נים פאלגען א טעאריע, וואס קומט פון א אידען... מיר נעמען זיך נים אונטער צו זאגען, אז די שווערע לאגע פון די קליינע קלאוק פאבריקאנטען קומט פון דעם, וואס אויך אין דער קלאוק אינדוסטריע האט זיך אנגעפאנגען א פראצעס פון קאנצענטראציע. על פי שכל דארף עס אזוי זיין, נאר מיר ווילען נים מאכען קיין באהויפטונגען, אידער מיר האבען פעסטגעשטעלט די פאקטען. אבער עס איז פאר דעם מאמענט קיין אונטערשייד נים, אויב קליינע קלאוק מאנופעקטשורערס זיינען געצוואונגען אויפצוגעבען זייערע שעפער צוליב דער טעאריע פון קאנצענטראציע, עס הייסט ווייל זיי קענען נים אויסשטעהן די קאנקורענץ פון די גרויסע מאנופעקטשורערס, אדער זיי מוזען זיי אויפגעבען אהן וועלכער עס איז טעאריע, נאר ווייל זיי האבען פשוט נים מיט וואס זיי אויפצוהאלטען. זיכער איז דער פאקט, אז קלאוק־שעפער שליסען זיך און ווען א קלאוק־שאפ שליסט זיך, בלייבען די קלאוקמאכער, וואס האבען אין אים געארבעט, יתומים.

און וואס איז שייך צו דער מאדע, איז עס דאך אן אלטע קלאוקמאכערישע צרה. פאר די מענער שניידער איז דאס א גאנץ נייע קראנקהייט אט די ספארט־רעקלאך מיט די „סלעקס". פאר די קלאוקמאכער זיינען די ספארט קאוטס און ספארט סוטס אן אלטע קרענק. און וואלט עס כאטש געווען ספארט־סוטס אליין. וואס איז

אבער מיט די מענס פעשאן סוטס? אגב, פון די ווייבערשע מענס פעשאן סוטס איז די מענער שניידער צוגעקומען א ביסעל ארבעט, בעת פון די מענערשע ספארט רעקלאך און „סלעקס" איז די קלאוקמאכער אפילו קיין איינציגער שטאך ארבעט נים צוגעקומען.

די אונטערשטע שורה איז, אז ווען עס קומט צו זוכען אורזאכען פאר וואס עס איז ניטא קיין ארבעט און פאר וואס עס איז א שלעכטער סעזאן, איז אין זיי קיין מאנגעל ניטא. און סאמער פעלט עס אויס, קען מען זיי נעמען פון די מענער־שניידער. אבער וואס העלפט עס, אז מען ווייס די אורזאכען, ווען מען ווייס נים ווי זיי אפצושאפען? מען קען אפשר בלויז געפינען א טרייסט, וואס די אורזאכען זיינען צייטווייליגע און ווען זיי וועלען אריבערגעהן וועט עס בעסער ווערען. און אפשר איז נים ריכטיג צו זאגען, אז מען ווייס נים ווי די אורזאכען אפצושאפען. געוויס ווייסען מיר נים ווי אזוי מען קען אפשאפען די קדחת פרייזען אויף וואלען־שטאף, אבער מען קען נים זאגען אזוי אבסאלוט, אז מיר ווייסען נים ווי אזוי מען קען אפשאפען די שלעכטע ווירקונג וואס ווערט פאראורזאכט דורך דער קאנקורענציע אין דער אינדוסטריע. די יוניאן האט שטענדיג אט דעם איבעל פאר אירע אויגען און זי מאכט אלע אנשטרענגונגען אים אפצושאפען, אדער אים אזוי מילדערען ווי וויים נאר מעגליך. עס איז אבער זעהר א שווערע אויפגאבע. עס איז א לאנגער, שווערער קאמף וואס ווערט שטענדיג באניים.

## צום 50־יעריגען יובילייי פון וויים פרעזידענט יעקב העלער

ברודער י. העלער איז איינער פון די „אלד טאימערס" אין דער אינטערנעשאנאל, נים קוקענדיג אויף דעם, וואס ער איז פופציג יאר יונג. י. העלער איז געווען א סעקרעטער פון קלאוקמאכער דזשאינט באארד נאך אין די צייטען פון גוט באקאנטען „פראטאקאל". און בלויז מיט א קורצער אונטערברעכונג האט ער פארטגעזעצט זיין טעטיגקייט אין דער יוניאן און פארנומען אין איר אן אנגעזעהענעם פלאץ. די גרעסטע צייט פון זיין טעטיגקייט איז געווען פארבונדען מיט דער ריפערמאכער יוניאן, פון וועלכער ער איז געווען מענעדזשער. מען קען זאגען, אז י. העלער שטעלט מיט זיך פאר א גרויסען טייל פון דער געשיכטע פון דער ריפער מאכער יוניאן.

מיר וועלען דא נים דערמאנען י. העלערס פאעטישע, דעקלאמאטארישע און אראטארישע באגאבונגען, ווייל נים פאר דעם פייערט מען איצט זיין 50 יעריגען יובילייי. א יוניאן־טוער איז נים מחויב צו קענען שרייבען לידער אדער דעקלאמירען. מיר וועלען אבער יא דא דערמאנען י. העלערס הומאריסטישען טאלאנט. הומאר איז זעהר א וויכטיגע זאך אין לעבען און איז נויטיג אפילו פאר א יוניאן־פירער.

מיר ווינשען וויים פרעזידענט י. העלער לאנגע און געזונטע יארען און א ווייטערדיגע פרוכטבארע טעטיגקייט אין דער יוניאן.

## פאבער

פון נחום יוד.

## דער האן דער עקשן

אן אלטער אנשטענדיגער האן,
וואס איז פון שטענדיג אן
געשאכט געווען ביי יעדען איינעם
פון זיינע פריינד און שכנים,
ווייל ער, דער ערשטער שטענדיג, פונקט אין האלבע נאכט
פלעגט לאזען הערען זיין געזאנג אויף הויכע טענער, —
האט איינמאל פון דער העלער הויט זיך גאר באטראכט,
און אנגעהויבען קרייען ווי די יונגע העהנער.
(צי האט זיך אים געדוכט
אז יונגע קרייען טאקע שענער,
צי האט ער עפעס אנדערש־וואס דערמיט געזוכט —
דאס האב איך נאך ביז איצט נים אויסגעפונען...)
אומזיסט מיט אים גע'טענה'ט האבען זיינע פריינד:
„ווי האט זיך אזא שטות'עריי צו דיר גענומען!
ביזט דאך פון שטענדיג־אן, ביז היינט,
ביי אלע אונזערע מבינים און פארשטייער
געווען א ביישפיל פון די בעסטע קרייער...
און איצטער — זאג אליין וואס ווילסט דו טאן!
עס איז דאך פשוט אומפארשטענדלאך,
אז דו, אן אנשטענדיגער פיינער האן,
זאלסט נעמען נאכקרימען די יונגע העהנדלאך!
און וואס האסט דו אין זיי אזוינס דערזעהן?"
נאר וואס, נאר ווען —
דער אלטער האן איז איינגעשפארט ביי זיינס געבליבען,
און ביסלאכווייז אזוי די פריינד פון זיך צעטריבען.
אזוי דערווייל איז אוועק פארביי
א יאר און צוויי און דריי, —
די דורות יונגע העהנדלאך זיינען אויסגעוואקסען
און האבען אנגעהויבען קרייען ווי מען דארף:
מיט טראפ און ניגון, אפגעצויגען, שארף...
נאר אונזער עקשן
האט מיט פארגלאצטע אויגען, פרום
נאך אלץ געשטאמעלט אויף דעם יונגען אופן,
און איז ביי יונג און אלט ארום
געווען צו שפאט און שאנד אויף אלע הויפען.

עקשנות, אפשר איז א גרויסע קראפט, רב האן,
נאר ס'איז צום לאכען ווען מען ווענדט זי אן
צו ענדערן דעם איינגעשטעלטען סדר....
וואס קען מען טאן —
אז יונג און אלט איז פארט נים קיין פאר קליידער...

# פון צייט צו צייט

פון צבין



ס איז איצט דער סעזאן פון וואהל־קאמף, הימעל און ערד און וואהל־קאמף — איך מיין אין די לאקאלס פון דער אינטערנעשאנעל — און מען דארף דעריבער וועגען קיין אנדער זאך ניט רײדען, אויסער ווי וועגען וואהל־קאמף. א סך לאקאלס פון דער אינטערנעשאנעל זיינען טאקע אויך שטארק אויסגעהונגערט פאר וואהל־קאמף. זיי האבען ניט פארזוכט דעם טעם דערפון פאר גאנצע דריי יאר. און אפילו די לאקאלס, וואס האבען ניט געקענט אויסהאלטען אזא לאנגען הונגער און האבען געהאט א וואהל־קאמף מיט א קנאפען יאר צוריק, האבען זיך אויך צו דעם איצטיגען וואהל־קאמף צוגעכאפט מיט א גאנץ שטארקען אפעטיט. און אזוי ווי גאט פירט זיין וועלט מיט א סאלק, מאכט ער שוין אזוי, אז אין דער צייט פון וואהלען זאל זיין ווייניג ארבייט אין די שעפער, כדי די באלמעלאכעס זאלען האבען מער צייט פאר דער וואהל־קאמפאניע. אייגענטליך האט דאס מאל גאט זיך ניט נעדארפט פיל באמיהען, אז די באלמעלאכעס זאלען האבען גענוג צייט זיך אפצוגעבען מיט דער וואהל־קאמפאניע. ארבייט אין א סך שעפער איז שוין לאנג ניטא, א סך באל־פעלאכעס האבען שוין באלד פארגעסען ווי מען האלט א נאדעל אין האנד. אבער גאט קען זיך פאר זיי אנטשולדיגען און זאגען, אז זיי זיינען ביי אים ניט די איינציגע וואס געהען שוין ארום אזוי לאנג אהן א שטאך ארבייט. ער האט אזעלכע ווי זיי אין די מיליאנען. עפעס איז זיין מאשינדעל מיט וועלכער ער פירט די וועלט, שטארק קאליע געווארען און די וועלט איז ארויס פון אירע רעלסעס. טאקע זעהר שלעכט, אבער זאל מען דערווייל הנאה האבען פון דער וואהל־קאמפאניע.

נאר מיר איז באזונדערס טשיקאווע צו וויסען ווי אזוי עס זיינען מיט א מאל אויסגעוואקסען די פארשידענע קלובען און גרופען, וואס זייער עקזיסטענץ ווערט ערלויבט פאר דריי חדשים פון דער וואהל־קאמפאניע. איך וואונדער זיך ווי אזוי זיי האבען געקענט באשאפען ווערען און אויסוואקסען אין דעם מאמענט, ווי עס איז נאר אנגעזאגט געווארען, אז מען מעג שוין.

איך פלעג זיך פונקט אזוי שטארק וואונדערען, ווען איך בין א אינגעל געווען, ווי אזוי דער ברעג ים ביי וועלכען איך האב געוואוינט, פלעגט שבת נאכט, ווי עס פלעגען זיך נאר ווייזען שטערען אין הימעל, פלוצים באלויכטען ווערען מיט פריש אנגעצונדענע פאפיראסען פון די, וואס פלעגען דארטען שפאצירען. די צייטען זיינען נאך דעמאלט געווען פרומע ביי יענעם ברעג ים. שבת האט מען ניט גערויכערט, ווייניגסטענס ניט עפענטליך. פלעג איך מיך דעריבער וואונדערן ווי אזוי האבען די אלע, וואס האבען מיט אמאל אנגעצונדען זייערע פאפיראסען, ווי עס האבען זיך נאר באוויזען שטערען אין הימעל, געהאט צייט צוצוגעהן צו זיך אהיים און נעמען דארטען פאפיראסען מיט שוועבעלעך. אז זיי האבען עס געטראגען מיט זיך איז מיר ניט איינגעפאלען. מען טאר דאך ניט...

אבער דאס האט שוין צו טאן מיט א גאנץ אנדער דעפארטמענט. דאס וויכטיגסטע פאר מיר אין דעם איצטיגען וואהל־קאמף איז, וואס ער וועט מאכען א פולשטענדיגען סוף צו דער שותפות מיט די קאמוניסטען, וואס האט נאך אנגעהאלטען אין מאנכע לאקאלס אפילו נאך דעם שענדליכען סטאלין פארראט צו שליסען כאווערשאפט מיט היטלער'ן.

⁂

איך ווייס, אז די שותפות מיט די קאמוניסטען איז פאר דער פירערשאפט פון די לאקאלס געווען א גאנץ באקוועמע זאך. די קאמוניסטען האבען געטאן אלץ, וואס די אדמיניסטראציע פון דער יוניאן האט פון זיי פארלאנגט. פיל מער. זיי זיינען געווען די שטארקסטע פארטיידיגער פון דער אדמיניסטראציע געגען יעדער אפאזיציע. און דער פרייז, וואס די קאמוניסטען האבען דערפאר פארלאנגט איז געווען ניט קיין איבעריגס גרויסער. זיי האבען זיך געלאזען דינגען. פאר די קאמוניסטען איז עס געווען ניט בלויז א פראגע צו קריגען א פלאץ אין דער פארוואלטונג און א חלק פון די באצאלטע באאמטע, נאר אויך פאליטישע אנערקענונג, אדער, פאליטישע טובות, ווי מען קען עס ריכטיגער אנרופען. אן ערשטער־מאי דעמאנסטראציע, א פראנט־ארגאניזאציע, א מאניפעסטאציע, א פושקע, א לעקציע, אן איינלאדונג, א פעטיציע א. אז. וו. פאר דער קאמוניסטישער פארטיי, וואס האט ניט בלויז באוואכט און קאנטראלירט אט דעם שותפות, נאר האט אויך געגעבען די אינסטרוקציעס, זיינען מייסטענס די אויסגערעכענטע פאליטישע טובות געווען וויכטיגער, ווי האבען מיט איינעם אדער צוויי מענשען מער אין דער פארוואלטונג אדער צווישען די באצאלטע באאמטע. עס איז דעריבער געווען א מעגליכקייט זיך צו דינגען, ווען עס איז געווען שטארק נויטיג און מען האט אויסגעמיטען טראבעל. און ווען אן אדמיניסטראציע פון א יוניאן קען אויסמיידען טראבעל, קען מען פון איר ניט ערווארטען, אז זי זאל זוכען טראבעל. און מען דארף נעמען אין באטראכט, אז די קאמוניסטען האבען זיך ניט בלויז „באהייווט" נאר א סך מער ווי „באהייווט". זיי האבען אפט געטאן מער ווי מען האט דערווארט פון זיי. און וואס איז שייך צו רעוואלוציע איז עס אין גאנצען ארויס פון דער מאדע. דעם ארט פון רעוואלוציע האט פארנומען דעמאקראטיע און רוזוועלט. און עס איז א באקאנטע זאך, אז ווען די קאמוניסטען גיבען זיך א יאג איז ניט נאר, וואס זיי דעריאגען, נאר זיי איבעריאגען נאך. דער טראבעל איז נאר, וואס זיי קענען עס באווייזען בלויז אין דער פאליטיק. ווען זיי האבען זיך א לאז געטאן מאכען פאליטישע קאאליציעס האבען זיי ניט געוואוסט קיין שום אפשטעל און קיין שום גרעניץ. עס איז געווען רעכט אפילו מיט'ן טייוועל און זיין באבען. ביי די קאמוניסטען איז ניטא קיין מיטעל־וועג. ווען עס קומט א באפעל פון מאסקווע, וואס הייסט, אז מען זאל געהן, געהט מען ביז צום ברעג. קיין אונטערשיד ניט צי דאס איז פאר'ן קאמף געגען פאשיזם אדער פאר דער כאווערשאפט מיט היטלער'ן. עס איז ביי זיי דיזעלביגע מצוה. ווי באלד עס קומט נאר פון סטאלינ'ען. אויף די קאמוניסטען איז אמבעסטען צוגעפאסט דאס באקאנטע אידישע ווערטעל — פאר א מצוה זיינען זיי גרייט אפילו זיך צו שמד'ען.

עס איז אין דער ווירקליכקייט פאר די אנטי־קאמוניסטישע פירער פון די לאקאלס ניט געווען קיין אורזאך, אויסער א פארטיי פאליטישע, ניט צו שליסען א פאראייניגטען פראנט מיט די קאמוניסטען, ווען יענע האבען זיך פריי און אפען אפגעזאגט פון אלץ, אין וואס זיי האבען פריהער געגלויבט און האבען געשווארען, אז זיי וועלען זיין גוט און פרום און פאלגען וואס אלע פרומע און גוטע טרייד־יוניאניסטען הייסען צום גוטען טאן. די איינציגע פראגע האט געקענט זיין: קען מען זיי גלויבען? וועלען זיי ניט אפנארען? איז אבער די גאנצע טעטיגקייט און די אויפירונג פון די קאמוניסטען אין יענער צייט געווען אזעלכע, אז מען איז געווען געניינגט צו גלויבען, אז זיי מיינען עס ערנסט. זיי האבען זייער טאקטיק ניט געשאפען פאר אמעריקע אליין, נאר זיי האבען איר אנגעווענדעט אין אלע אנדערע לענדער. אין פראנקרייך איז געשלאסען געווארען א פאראייניגטער פראנט ניט בלויז אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג, נאר אויך אין דער פאליטישער.

און מען דארף צוגעבען, אז אין אלגעמיין האט דאס דער פאראייניגטער פראנט גאר ניט שלעכט געארבייט, ווען מען באטראכט עס פון אן אדמיניסטראטיווען טרייד־יוניאניסטישען שטאנדפונקט. ער איז געווען ביז א גרויסער מאס אן אנטטוישונג פאר מיר, ווייל דער פאראייניגטער פראנט איז שוין געווען צופיל פאראייניגט. אבער פאר דער אדמיניסטראציע האט דאס זיכער ניט געקענט באטראכט ווערען פאר א חסרון.

נאר איך האב דא ניט בדעה צו שרייבען די געשיכטע פון פאראייניגטען פראנט מיט די קאמוניסטען און אונטערזיכערען א סך הכל. וועגען דעם דארף מען שרייבען א סך אויספירליכער. און עס דארף ניט באשרענקט ווערען מיט דעם פאראייניגטען פראנט אין די לאקאלס פון דער אינטערנעשאנעל. ווייל וואס איז שייך צו דער אינטערנעשאנעל אלס א גאנצע האבען די קאמוניסטען אין איר גאנץ ווייניג געוואונען פון דעם פאראייניגטען פראנט. זיי האבען דאכט זיך מער פארלארען ווי געוואונען, ווייל זיי האבען געדארפט אויפגעבען זייער שטענדיגע אפאזיציע אין דער יוניאן, וואס האט געזאמעלט ארום זיי אלע אומצופרידענע און האט זיי געגעבען דעם פרעסטיזש אלס די פארטרעטער פון די אזוי־גערופענע „רענק ענד פייל". אבער מען קען ניט באטראכטען דעם פאראייניגטען פראנט פון איין ווינקעל. מען דארף אים באטראכטען פון אלע זייטען. און ווען מען טוט עס מוז מען קומען צום שלוס, אז די קאמוניסטען האבען אין אלגעמיין פון אים זעהר פיל געוואונען. זיי זיינען אין דער צייט פון דעם פאראייניגטען פראנט געווארען א גרויסע מאכט ניט בלויז אין דער ארבייטער באוועגונג, נאר אויך אין דער געזעלשאפטליכער. די קאמוניסטען זיינען דורך דעם פאראייניגטען פראנט, וואס האט געפרעדיגט קאמף פאר דעמאקראטיע און געגען פאשיזם, אריינגעדרונגען אין אלע שיכטען און קרייזען פון דעם אמעריקאנער פאלק און האבען אויסגעשפרייט איבער אמעריקע א נעץ פון די אזוי־גערופענע פראנט ארגאניזאציעס.

איצט אבער איז דאס אלץ אזוי גוט ווי געענדיגט. פאר דער אינטערנעשאנעל איז עס אין גאנצען געענדיגט. סטאלינ'ס שענדליכער פארראט צו שליסען כאווערשאפט מיט היטלער'ן און דערנאך זיין פארברעכערישער בלוטיגער אנפאל אויף פינלאנד, האבען צובראכען און צושטערט דעם גרויסען ברייטען פראנט, וואס די קאמוניסטען האבען דא אויסגעבויט פאר זיך. די קאמוניסטען זיינען היינט מער איזאלירט אין אמעריקע, ווי ווען עס איז אין זייער עקזיסטענץ. היטלער'ס צייכען האט זיי געשטעמפעלט פאר אומריינע, פאר אזעלכע, וואס דארפען שטעהן מחוץ למחנה. עס איז בלויז געווען א פארדרוס, וואס מאנכע לאקאלס פון דער אינטערנעשאנעל, און דוקא אידישע, האבען געקענט פועל'ן ביי זיך אנצוהאלטען פאר א געוויסער צייט פארבינדונגען מיט די קאמוניסטען נאך סטאלינ'ס שענדליכען פארראט, ווען זיי זיינען געווארען היטלער'ס כאווירים.

⁂

פארלויפיג האב איך נאך געקראגען גאנץ ווייניג וואהל־קאמף ליטעראטור. איך פארשטעה, אז עס איז נאך א ביסעל צו פריה און מען האט זיך נאך ניט דערווארימט ווי נויטיג. מיט איין שטיקעל ליטעראטור, וואס איך האב געקראגען, בין איך א ביסעל אין א פארלעגענהייט, ווייל איך ווייס ניט צי דאס איז וואהל־קאמף ליטעראטור אדער שטענדיגע ליטעראטור. איך מיין דא דעם „דרעס פרעסער", ארויסגעגעבען פון דעם דרעס פרעסערס קלוב, לאקאל 60. לויט'ן אויסזעהן און אינהאלט זעהט עס אויס צו זיין שטענדיגע ליטעראטור. עס איז ארויסגעגעבען אין דער פארם פון א זשורנאל און עס ווערט אנגעגעבען, אז עס איז נומער 1, פינפטער יארגאנג און זיין פרייז איז 2 סענט. און ווען מען פאנגט אים אן לייענען ווערט מען געוואר, אז דער דרעס פרעסער קלוב האט זיך רעארגאניזירט און מען קריגט דעם איינדרוק, אז עס האנדעלט זיך וועגען א שטענדיגער ארגאניזאציע און ניט בלויז וועגען א צייטווייליגער, וואס איז ערלויבט צו עקזיסטירען פאר דריי חדשים פאר דער צייט פון וואהל־קאמף. אבער פון דער אנדערער זייט ווייס איך, אז די קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנעל אין אטלאנטיק סיטי האט פארבאטען די עקזיסטענץ פון שטענדיגע קלובען. איך ווייס אויך, אז די גענעראל עקזעקוטיווע האט ארויסגעשיקט שטרענגע פארארדנונגען צו די לאקאלס, אז די עקזיסטענץ פון די קלובען מוז אפגעשאפט ווערען. איז מיר דעריבער שווער דעם ענין רעכט צו מאכען. אגב, ווען איך האב דעם „דרעס פרעסער" אין גאנצען דורכגעלייענט האט עס אויף מיר געמאכט דעם איינדרוק, אז לאקאל 60 איז אן אפטיילונג פון דעם דרעס פרעסער קלוב. מחשבות'ן, פאר וואס האט טאקע דער לאקאל אליין ניט געקענט ארויסגעבען דעם „דרעס פרעסער"?

⁂

דעניעל טאבין, דער פרעזידענט פון דער טימסטערס יוניאן, די גרעסטע אין דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר, איז ווידער א מאל ארויסגעקומען מיט א רוף פאר שלום אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג. די שפראך פון דעם אויפרוף איז געווען דאס מאל א גאנץ שארפע. טאבין האט ארויסגעווארפען די גאנצע שולד אויף די קעפ פון א האלב טוץ פירער. און ער האט אויפגעפאדערט די „רענק ענד פאיל" מיטגלידער פון די יוניאנס, אז זיי זאלען צווינגען זייערע פירער צו מאכען שלום, ווייל עס רוקט זיך אן א רעאקציע אויף אמעריקע און די ארבייטער וועלען פארלירען אלע זייערע אויסגעקעמפטע געווינסטען, ווען זיי וועלען ניט זיין פאראייניגט און וועלען ניט קענען מיט פאראייניגטע כוחות באגעגענען דעם אנגריף וואס עס גרייט זיך געגען זיי.

טאבינ'ס רוף האט געקראגען זעהר א פראמינענטען פלאץ אין אלע גרויסע צייטונגען פון לאנד. דאס באווייזט ווי וויכטיג עס ווערט איצט באטראכט די פראגע פון שלום אין דער ארבייטער באוועגונג. די פראגע איז בלויז, אויב נאך טאבינ'ס שטארקען רוף, וואס האט

געקראָגען אזאַ הויכען אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער פּרעסע פון לאַנד, איז דער שלום אין דער אַמעריקאַנער ארבייטער באַוועגונג נענטער געוואָרען.

טאָבין האָט ניט דערציילט ווער עס זיינען די האַלבּ טוץ פירער פוןביידע זייטען, וואָס דערלאָזען ניט קיין שלום אין דער ארבייטער באַוועגונג, אָבער די נעמען זיינען ניט וויכטיג. יעדער קען אויסרעכענען פאַר זיך זעקס נעמען, וועלכע ער וועט אויסקלייבען און זעלטען וועט מען געפינען צוויי, וואָס זאָל ביי זיי שטימען אַלע זעקס נעמען. נאָר אויב עס זיינען ווירקליך פאַראַן זעקס איינפלוסרייכע פירער, וואָס שטעהען אין וועג פון שלום, זיינען די שאַנסען פון שלום זעהר שוואַכע ווי שטאַרק טאָבינ׳ס רוף צו שלום זאָל ניט זיין. און ווער דאַרף נאָך וויסען בעסער ווי טאָבין ווי גרויס עס איז דער כח פון אן איינפלוסרייכען פירער אין דער אַמעריקאַנער ארבייטער באַוועגונג, ווען עס קומט צו אַזעלכע פראַגען, ווי שלום אין דער אַרבייטער באַוועגונג. עס זיינען אייגענטליך אַפילו ניט נויטיג קיין זעקס, אַפילו ווייניגער ווי זעקס קענען זיך שטעלען אין וועג און ניט דערלאָזען.

און עס איז קלאָר פאַר אַלעמען, אַז די ארבייטער וועלען שטאַרק ליידען, ווען דער געווינשטער שלום אין דער ארבייטער באַוועגונג וועט ניט קומען. לאָמיר האָפען, אַז אין דער איצטיגער זיצונג פון קאָנגרעס וועט קיין שום בייז ניט געשען פאַר די ארבייטער. די שונאים פון דעם וואַגנער־געזעץ — דער וויכטיגסטער געזעץ אין דער אַמעריקאַנער געזעצגעבונג, וועלען אין דער איצטיגער זיצונג פון קאָנגרעס, לאָמיר האָפען, ניט דערגרייכען זייער ציל. די קאָנגרעסלייט און די סענאַטאָרען וועלען פילען, אַז עס איז פאַר זיי פּאָליטיש ניט ראַטזאַם צו פאַרקריפּלען דעם וואַגנער־געזעץ און אים מאַכען ווערטלאָז ערב אַ פּרעזידענטען וואַהל־קאַמף. די געפאַר וועט אָבער זיין זעהר גרויס ווען דער וואַהל־קאַמף וועט זיין פאַריבער און עס וועט זיך צונויפקומען דער ניי־געוועהלטער קאָנגרעס. די ארבייטער באַוועגונג, אויב זי בלייבט צושפּאַלטען, וועט קיין וויכטיגע ראָלע אין דעם וואַהל־קאַמף ניט שפּילען. דזשאָהן לואיס האָט שוין, ווי מען קען זעהן, עפּעס פאַרטראַכט וואָס עס דאַרף זיין די פּאָליטיק פון זיין צד אין די קומענדיקע פּרעזידענטען וואַהלען. ער האָט איינגעלאַדען סענאַטאָר וועהילער פון מאָנטאַנאַ צו באַגריסען די קאָנווענשאָן פון דער מאַינערס יוניאָן. דאָס ווערט אויסגעטייטשט, אַז דזשאָהן לואיס האָט אויסגעקליבען סענאַטאָר וועהילער פאַר זיין פּרעזידענט קאַנדידאַט און האָט דערמיט דירעקט געלאָזט וויסען רוזוועלט׳ן, אַז ער, דזשאָהן לואיס איז געגען אַ דריטען טערמין.

דזשאָהן לואיס האָט זיך דערמיט אַליין ניט באַנוגענט. ער האָט אויף דער קאָנווענשאָן געמאַכט אַ שטאַרקע אַטאַקע געגען רוזוועלט׳ן און האָט ערקלערט, אַז אויב ער וועט נאָמינירט ווערען פאַר אַ דריטען טערמין וועט ער גאַנץ גוט דורכפאַלען אין די וואַהלען. דזשאָהן לואיס מאַכט פּאָליטיק אויף אַ האַמעטנעם, אונגעהובעלטען אופן, אָט ווי מען האַקט קוילען אין אַ מאַין.

און עס איז געוויס ניט צו דערוואַרטען, אַז די פּריווילעגיע פון מאַכען פּאָליטיק וועט בלייבען בלויז אין די הענד פון לואיס׳ן. אויך די אַמעריקען פעדערייש׳אָן אָוו לייבאָר האָט אין אירע רייהען מענשען, וואָס האָבען ליב צו מאַכען פּאָליטיק און עס איז לייכט פאַראויסצוזאָגען וואָס פאַר אַ פּנים און וואָס פאַר אַ ווירקונג עס וועט האָבען די פּאָליטיק פון די אַמעריקאַנער ארבייטער פירער אין די קומענדיגע פּרעזידענטען וואַהלען, ווען די ארבייטער באַוועגונג וועט בלייבען צושפּאַלטען ווי זי איז היינט.

⁂

די דאַיז קאָמיטע, וואָס האָט צוויי יאָר נאָכאַנאַנד מיט אַזוי פיל טומעל געזוכט רעוואָלוציע אין אַמעריקע און האָט מיט אירע אייגענע כוחות און פעהיגקייטען אַפילו ניט געקענט אויסגעפינען, אַז קאָמוניסטען האָבען באַנוצט פאַלשע פּאַספּאָרטען — דאָס האָט אויסגעפונען דער יוסטיץ דעפּאַרטמענט — האָט לעצטענס געקראָגען אַ גאַנץ פיינעם פּאַטש אין פּנים. דאָס איז געווען דער אַרעסט פון די 17 מיטגלידער פון דער פאַשיסטישער און אַנטיסעמיטישער אָרגאַניזאַציע „קריסטליכער פראָנט", וועלכע האָבען געפּלאַנעוועט אַ באַוואָפנעטען אויפשטאַנד.

די דאַיז קאָמיטע האָט געזוכט רעוואָלוציע און אונאַמעריקאַנישקייט איבער גאַנץ אַמעריקע. אָבער האָט ניט געקענט אויסגעפינען, אַז אונטער איר נאָז פלעגט דער „קריסטליכער פראָנט" אַ באַוואָפנעטען אויפשטאַנד, אַז ער האָט געוואָלט געווער, אַמוניציע, גרייט צו באָמבעס און מאַכט אַלע נויטיגע פאַרבאַרייטונגען

פאַר אַ „ריהוירסעל" צו זעהן ווי אַזוי די צוגעגרייטע באָמבעס וועלען ווירקען אויף די ניו־יאָרקער וואָלקען־קראַצערס.

אמת, די גאַנצע פאַרשווערונג פון די אַרעסטירטע 17 מיטגלידער פון „קריסטליכען פראָנט" איז געווען אַ העכסט נאַרישע, אַן אידיאָטישע. זיי האָבען מיט זייער ביסעל געווער, אַמוניציע און באָמבעס קיין רעוואָלוציע ניט געקענט מאַכען אין אַמעריקע. אָבער דאָס וואָס זיי וואָלטען ניט געקענט איז אונזער מזל. זיי האָבען דאָך אָבער געוואָלט און צוגעגרייט וויפיל זיי האָבען געקענט. און באָמבעס אין די הענד פון נאַראָנים זיינען געפערליכער ווי אין די הענד פון קלוגע. אין דעם פאַל געוויס. אַ גרופּע פון 17 קלוגע פאַרשווערער וואָלטען זיך ניט פאַרמאָסטען צו מאַכען אַ באָמבען אַנגריף אויף ניו־יאָרק. זיי וואָלטען געוואוסט, אַז עס איז אַן אומזין.

מען האָט די דאַיז קאָמיטע געמאַכט אויפמערקזאַם פון פאַרשידענע זייטען, אַז אין דער צייט, וואָס זי האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרלייגט אויף די קאָמוניסטען, טוט זי אָבער גאָרנישט געגען די פאַשיסטען און היטלעריסטען פון אַלע מינים, וואָס פאַרפּעסטען דאָס לאַנד. דער פאַקט איז, אַז ניט נאָר האָט די דאַיז קאָמיטע גאָרנישט אויסגעפונען געגען די פאַשיסטען און די נאַציס, נאָר זי האָט די לעצטע צייט אַפילו אויפגעהערט צו זוכען געגען זיי. און ווען מען האָט פריץ קוהנ׳ען פאַר׳משפּט פאַר גנבות, האָט מען עס געוואָלט צו פאַרדאַנקען דיואַי׳ן. די דאַיז קאָמיטע האָט זיך אַפילו ניט גענומען די מיה ווי נויטיג צו אונטערזוכען קוהנ׳ס

טעטיגקייט, ווי אַזוי ער קריגט דאָס געלד פאַר זיין העצערישע אַרבייט און ווי ער פאַרטאַכלעוועט עס. אין דער אמת׳ן האָט די דאַיז קאָמיטע אויך גאָר נישט אויסגעפונען געגען די קאָמוניסטען, וואָס מען האָט שוין פריהער ניט געוואוסט. אָבער וועגען די קאָמוניסטען האָט די דאַיז קאָמיטע ווייניגסטענס געטומעלט. אייגענטליך האָט זי אויך מיט איר טומעל געגען די קאָמוניסטען געהאָט מער אין זינען צו שעדיגען דעם ניו־דיל און וואַרפען פאַרדאַכטען אויף די פּראָגרעסיווע מענשען, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט פּרעזידענט רוזוועלט׳ס אַדמיניסטראַציע.

נאָר איצט, ווען די דאַיז קאָמיטע האָט איר פּאַטש אין פּנים געקראָגען און דער יוסטיץ דעפּאַרטמענט האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט, וועט מען פון אים דאַרפען פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל געהן אַ ביסעלע טיפער, צו דעם קוואַל פון דער פאַשיסטישער און אַנטיסעמיטישער פּעסט — צום גלח קאָגלין. עס איז דער פינסטערער גלח קאָגלין פון וועלכען עס פליסט אַרויס אַלץ דאָס בייז. ער איז דער גיפט־ברונעם פון וועלכען די פאַרשידענע גיפט־מישער איבער׳ן לאַנד שעפּען זייער גיפט. די דאַיז קאָמיטע האָט דעם גלח קאָגלין אין גאַנצען ניט אַנגערירט. אַלע ווייסען אָבער, אַז די גיפט־מישער פון קריסטליכען פראָנט זיינען קאָגלינ׳ס תלמידים און זייער פירער קעסידי האָט ניט איין מאָל געקראָגען פון אים זיין ברכה.

נאָר לאָמיר אָפּוואַרטען און זעהן די ווייטערדיגע אַנטוויקלונגען.

# זיין שעהנע טאָכטער

ז. שער.

(ערציילונג)



קיין גרויס נחת האָט מאיר רעלקין ניט געהאַט פון זיין נײַנצען יעריגער טעכטערל רעי. קערפּערליך איז זי דוקא אַ פיין־אַנטוויקעלטע און זייער אַ שיינע פון וואָס די מאַמע קוועלט אָן. זי איז אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט אַ פּאָר גרויסע, לעבעדיגע, שוואַרצע אויגען, אין וועלכע עס שטייט שטענדיג אַ וואַרימער שמייכעל, מיט אַ שאַרף־פאַרריסען נעזעל, מיט אַ וואַלד געדיכט־געקרויזטע האָר און מיט טיפע חן־גריבעלאַך, וואָס שניידען זיך איין גלייך לעבען איר פיין מאָדעלירטען מויל. זי איז אָבער ניט געווען קיין לייט, ווי מאיר האָט געוואָלט זי זאָל זיין. און ער האָט פון דעם גרויס עגמת־נפש. זי האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט לערנען, האָט אַפילו ניט געענדיגט היי־סקול. איז כסדר געשטאַנען אויפן קאָרנער מיט בחורים, געדזשיגעט און געוואָרפען מיט די פיס און געלערענט אַלע בחורים פון בלאָק די נייעסטע טענץ, אין וואָס זי איז געווען אַ מומחה און רק זי קייעט קיי־גומי. מאָלט שטענדיג מיטן מויל און קייט און קייט אָן אָן אויפהער.

— וואָלסט אפשר אויפגעהערט אַמאָל מעלה־גירה זיין? וואָס קייסטו דאָרט שטענדיג? עס גייט שוין איבער די גאַל — צעבייזערט זיך אויף איר מאיר.

זי ענטפערט אים אָבער אויף זיין געשריי מיט דעם וואָס זי גיט שנעל, שנעל אַ צי מיט צוויי פינגער די קיי־גומי פון מויל, ציט עס אויס אין אַ לאַנגען דינעם שנירעלע און מני־ובי , און טאַקע אויך אַזוי שנעל, שנעל שטופּט זי עס צוריק אַריין אין מויל און הויבט אָן נאָך מיט מער אימפּעט און התמדה קייען.

געטאָן האָט זי אויך גאָר ניט. קיין שטענדיגע באַשעפטיגונג האָט זי ניט געהאַט. פלעגט אַמאָל אויף אַ וויל קריגען אַרבייט, אַמאָל אַלס סיילסליידי אין אַ קראָם און אַמאָל אַלס בילעטען־פאַרקויפערין אין אַ מאָווי־טעאַטער. זי האָט אָבער די שטעלע ניט אָנגעהאַלטען לאַנג. איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט איז שוין געווען אויס שטעלע.

מאיר׳ן האָט עס שטאַרק געקריינקט וואָס זי איז ניט קיין לייט. ער האָט זיך פון דעם אויפגעגעסען אַ לעבעדיגער. ער האָט אין איר אַריינגעלייגט גענוג רייד און מוסר. אָבער זיינע רייד און סטראַשונקעס האָבען גאָר ניט געהאָלפען. אויף אַלע זיינע טענות האָט זי איין ענטפער:

— „פּאָ, יו אַר אָלד־פעשאָנד"...

און זי האָט געטאָן דאָס אירעגע, איז געשטאַנען אויפן קאָרנער מיט בחורים. געקומען אַלע נאַכט שפּעט אַהיים און די מאַמע האָט זיך שוין פון די כוחות אַרויסגעשלאָגען פון ניט דערשלאָפען, פון זיצען גאַנצע נעכט ביים פענסטער און אָפּוואַרטען ־דאָס טעכטערל.

נאָכדעם האָט זי זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַ נייע באַשעפטיגונג. זי וויל זיין אַ מאָדעל־מיידעל און צוליב דעם זיינען אין הויז פאַרגעקומען שאַרפע און ביטערע מחלוקת׳ן צווישען מאיר׳ן און זיין טעכטערל. מאיר האַלט ניט קיין סך פון די מאָדעל־מיידלאַך. ער זעט ווי זיי פירען זיך אויף מיט די בעלי בתים און מיט די בייערס אין שאָפּ וואו ער אַרבעט און ער האָט פון זיי ניט קיין געהויבענע מיינונג. איז ער געווען געגען אַז רעי זאָל ווערען אַ מאָדעל־מיידעל.

— קיין אָנשטענדיגערע באַשעפטיגונג האָסטו שוין ניט געקענט אויסטראַכטען? אַ מאָדעל־מיידעל גאָר! — האָט זיך מאיר צעקאָכט אויף זיין טעכטערל.

— פאַרוואָס ניט? — האָט אים רעי אָנגעקוקט פאַר׳חידוש׳ט — וואָס איז דער מער מיט אַ מאָדעל־מיידעל? עס איז אַ גאַנץ גוטער דזשאָב. עס באַצאָלט זיך גוט, און מען קען האָבען אַ סך פאַן.

— פאָן, פאָן, אַלץ וואָס דיר ליגט אין זינען איז פאָן — האָט זיך מאיר נאָך מער געקאָכט און ער האָט שוין מער קיין געדולד ניט געהאַט צו לייענען די צייטונג.

— פּאָ — האָט רעי געזאָגט אַנטשלאָסען — עס וועט דיר גאָר ניט העלפען. איך וועל זוכען אַ דזשאָב פאַר אַ מאָדעל־מיידעל.

— זוך, זוך און טו וואָס די ווילסט — האָט מאיר רעזיגנירט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און ווידער גענומען לייענען די צייטונג. אָבער די ווערטער פון צייטונג זיינען אים שוין ניט געקראָכען אין קאָפּ.

⁂

רעי האָט געקראָגען אַ שטעלע אַלס מאָדעל־מיידעל פריער ווי זי האָט ערוואַרטעט און טאַקע דורך מאיר׳ן אַליין און דוקא אין דעם שאָפּ וואו ער אַרבייט און גערקראָגען האָט זי די שטעלע אַ דאַנק אַ שיינהייטס־קאָנטעסט.

מאיר׳ס נײַנצען יעריגע טעכטערל האָט געוואונען אין אַ שיינהייטס־קאָנטעסט וואָס אַ מאָווי־טעאַטער פון בלאָק האָט דורכגעפירט. איר בילד איז נאָכדעם געווען געדרוקט אין דער לאָקאַלער זונטאָג־צייטונג און צוליב דעם טאַקע האָט זי געקראָגען די שטעלע אין מאיר׳ס שאָפּ אַלס מאָדעל־מיידעל.

סיי מאיר און סיי זיין ווייב דאָבע האָבען זיך שטאַרק געפרייט מיט דעם וואָס זייער טעכטערל האָט געוואונען דעם קאָנטעסט. למאי זאָל ער עס לייקענען. עס איז ביי אים געווען אַ גרויסער נחת. און דערהויפּט האָט זיך געפילט גליקליך דאָבע. ביי איר האָט זיך שוין די פאַנטאַזיע גאָר צעשפּילט און זי האָט שוין געזען איר שיינע טעכטערל ווי אַ באַרימטע מאָווינג־פּיקטשור אַקטריסע.

מאיר האט אבער געהאט ערגעניש פון רעי'ס בילד וואס איז געווען געדרוקט אין צייטונג.

ער האט געקוקט אויף זיין טעכטערל'ס בילד אין צייטונג, ווי זי שטייט כמעט א נאקעטע אין א באד־קאסטיום און דער גאנצער נחת וואס ער האט געהאט פון איר געווינען דעם קאנטעסט איז אים צעשטערט געווארן.

— זאג מיר נאר, רעי, קיין שענערע בילד ווי די, האסטו שוין ניט געקענט געפינען אפצודרוקען אין צייטונג ? — האט מאיר געהאט טענות צו זיין טאכטער.

— אה, פא, יו אר אלד־פעשאנד — האט זי אים א לאך געטאן אין די אויגען און ווי א וויכער זיך א לאז געטאן איבער דער שטוב אין א טאנץ.

ווען מאיר איז אויף מארגען, מאנטאג פרי, אריינגעקומען אין שאפ האט זיך שוין דארט געררודערט מיט די נייעס וועגן רעי'ס געווינען דעם שיינהייטס־קאנטעסט. נאך דעם אופן ווי אלע האבען אים אנגעקוקט האט שוין מאיר דערפילט, אז ער און זיין טעכטערל זיינען שוין געווען אויף אלעמענס צינגער, און ער האט געהאט א צווייענדיגען געפיל, ער האט זיך אי געפילט שטאלץ וואס זיין טעכטערל האט געוואונען דעם שיינהייטס־קאנטעסט און אי דער פנים האט אים געפלאמט פון בושה איבער דעם בילד פון זיין טעכטערל וואס איז געווען געדרוקט אין צייטונג. האט ער פארלארען געשמייכעלט און מיט א שטילען גוט־מארגען זיך, ווי אומבאמערקט, אוועקגעזעצט ביי זיין מאשין.

ער האט אבער לאנג ניט באדארפט ווארטען. גלייך ווי מען האט געלאזען גיין די עלעקטרי און די מאשינען האבען זיך צערעדט מיט א ברומעריי, האט אים דעם ערשטען פינסטערען ברוך־הבא געגעבען איזי דער אפעריטאר, דער לאנגער איזי מיטן קאסאקען אויגעל און מיטן ארויסשטארצענדען גארגעל וואס לויפט ארום הין און צוריק ווי קוועקזילבער ביי אים אין האלז.

— געזען דיין מיידעל'ס פיקטשע אין נעכטיגען פייפער — האט איזי א לאז טוענדיג מיט א החשעריי זיין מאשין, א זאג געטאן צו מאיר'ן — נשקשה פון א פרוויקעלע... דו ביסט שוין אל־רייט מאיר, דארפסט זיך שוין ניט זארגען מיט א לעבען מאכען... אז מען האט אזא טעכטערל, מיט אזא פיגורקעלע קען מען שוין מאכען א פיין לעבען... — און זיין קאסאקע אויגעל האט גנבה'ש א וואונק געטאן צו די איבעריקע ארבייטער.

— וואס מיינסטו מיט דעם ,דו קאסאקע שלאנדרע ?

— האט זיך מאיר געגעבען א שטעל אויף און זיין פנים איז פארלאפען געווארען מיט בלוט — אויב דו פארמאכסט ניט דיין טריפה'נעם פיסקאטש, צעפלעט איך דיר דעם קאפ — און פון אויפרעגונג האבען אים אזש געציטערט די ליפען.

— הער זיך ניט צו וואס ער באלאקעט דארט, קאנסט ניט איזי'ן ? — האבען אים איניגע ארבייטער געפרובירט בארוהיגען און צו איזי'ן האבען זיי א געשריי געטאן :

— העי, איזי, נעם שוין דארט אין שטומעניש אמאל !

מאיר איז פון איזי'ס ברוך־הבא געבליבען זיצען ווי מען וואלט אים אפגעגאסען מיט קאלטע וואסער און זיינע ליפען האבען געהאלטען אין איין ציטערען.

מיטאג צייט איז צו מאיר'ן צוגעקומען איינער פון די בעלי בתים, דער אינגערער גליקשטיין, דער אויסגעפוצטער פראנט, און מיט דעם גלאט פארקעמט קעפעלע, אזוי גלאט, אז יעדעס הערעלע איז געווען ווי צוגעקלעפט צום קאפ. ער האט מיט די ליפען ענערגיש געצויגען א ניט־אנגעצונדענעם ציגאר און זיין גאנצער פנים איז געווען איין שטיק שמייכעל.

— איך וויל דיר באגריסען, מאיר — האט ער צו אים צוקער־זיס גערעדט — דייער א שיינע מיידעל דיין טאכטער, סעי, מאיר, פארוואס האסטו גאר ניט געזאגט, אז דו האסט אזא שיין מיידעל ? את באי, אה באי ! ...

מאיר האט מיט א צופרידענעם שמייכעל באדאנקט דעם באס זיינעם.

— טהענק יו, מיסטער גליקשטיין, טהענק יו ! ...

דער אינגערער גליקשטיין האט נאך אלץ ענערגיש און שנעל געצויגען מיט די ליפען דעם ניט־אנגעצונדענעם ציגאר און א נעם טוענדיג פלוצלונג מאיר'ס א שטיקעל ארבייט, וועלכעס ער האט באטראכט פון אלע זייטען און פון וואס מאיר'ן איז איינגעפאלען דאס בלוט, האט ער אים א פרעג געטאן :

— נו, און ארבייטען, ארבייט זי שוין ביי עפעס ? האט א דזשאב ? אויב ניט, קען איך איר נעמען אלס מאדעל־מיידעל. ברענג איר מארגען ארויף אין שאפ, וועלען מיר זען.

גליקשטיינ'ס אנבאט האט מאיר'ן אין גאנצען צעטומעלט און ער איז באהערשט געווען פון געמישטע געפילען. ער איז געווען צופרידען וואס זיין באס גיט זיין טעכטערל א דזשאב. „עפעס א קלייניגקייט היינטיגע צייטען א דזשאב" — האט ער ביי זיך געטראכט — וואס וועט זיין דער תכלית פון איר ארומגיין שליגג און שלאנג. זי איז שוין אויפן צוואנציגסטען יאר... ער האט דען כוח איר אויסצוהאלטען ? א דערוואקסענע מיידעל, זי דארף אזוי פיל האבען"... ער איז אבער שטארק ניט געווען צופרידען מיטן דזשאב פון א מאדעל־מיידעל. איז ער געזעסען אין א פארלעגענהייט און ניט געוואוסט וואס צו טאן, צי אים דאנקען אדער ניט.

ער האט זיך אבער באלד געכאפט, אז עס פאסט ניט, האט ער גליקשטיינ'ען באדאנקט און פרובירט א רעד טאן מיט אים וועגען אן אנדער דזשאב.

— א דאנק אייך, א דאנק אייך, זייער פיין פון אייך, מיסטער גליקשטיין — האט מאיר געשמייכעלט צום באס זיינעם מיט אלע אדערלאך און קנייטשעלאך פון זיין פנים — באס, מיסטער גליקשטיין, איך ווייס... אפשר עפעס אן אנדער דזשאב... זי וועט דען זיין גוט פאר א מאדעל־מיידעל ?

— פארוואס, מאיר ? — האט גליקשטיין נאך שנעלער און ענערגישער אנגעהויבען ציען מיט די ליפען דעם ניט־אנגעצונדענעם ציגאר — וואס איז ? א מאדעל־מיידעל טויג ניט ? א שלעכטער דזשאב אפשר ? ... סטייטש ? אדרבה. דו דארפסט זיך פילען גליקליך, מאיר... מיט איר פיגור וועט זי מאכען א היט...

— און ער איז מיט שטילע טריט אוועק פון מאיר'ן.

מאיר איז שוין דעם גאנצען צווייטען האלבען טאג געזעסען אין שאפ ווי א צעמישטער און ניט געוואוסט ווי צו באשטימען.

פארנאכט, ווען ער איז געקומען אהיים פון שאפ און דערציילט פון זיין באס גליקשטיינ'ס אנבאט, איז אויך דער פרוי זיינער, דאבע'ן, ניט געפעלען געווארען די שטעלע. זי האט פארקרומט די נאז און אן אומצופרידענע א בורטשע געטאן :

— הום, קיין בעסערען דזשאב האט ער שוין ניט פאר איר ווי א מאדעל־מיידעל ? כדאי טאקע געווען צו געווינען דעם ביוטי־קאנטעסט.

אבער דעם טעכטערל זייערס רעי'ן איז דוקא שטארק געפעלען געווארען די שטעלע און זי האט זיך אן דעם אנגעכאפט.

— עס איז א גוטער דזשאב, מא, און איך וועל אים אננעמען — האט רעי פודערענדיג איר נעזעל מיט באגייסטערונג גערעדט אין שפיגעל אריין, גאר ניט קוקענדיג אויף טאטע־מאמע און גענומען אנטאן די העט אויף איוועקצוגיין.

קיין גאר גרויסע דעה האבען טאטע־מאמע ביי איר ניט געהאט. איז זי אויף מארגען, ניט געקוקט אויף דעם וואס מאיר מיט זיין ווייב זיינען ניט געווען צופרידען מיט דער שטעלע, אוועק אין גליקשטיינ'ס שאפ און געווארען א מאדעל־מיידעל.

***

די שאו־רום איז פון שאפ געווען אפגעצאמט מיט א דין הילצערען ווענטעל, אבער פאר די ארבייטער פון שאפ איז עס געווען ווי פארצוימט מיט א דיקער געמויערטער וואנט און קיינער פון די ארבייטער האט זעלטען ווען אריינגעקוקט וואס אויף דער צווייטער זייט פון ווענטעל טוט זיך. און הגם זינט זיין רעי איז אנגעקומען ארבייטען אלס מאדעל־מיידעל זיינען פאר מאיר'ן אלע טירען און טויערען פון שאפ געעפענט געווארען און צוליב דעם זכות פון דער טעכטערל האט ער געקענט פריי אריינגיין אין שאו־רום, ווען ער וויל, איז ער פונדעסטוועגען קיינמאל דארט ניט אריין. ער האט שוין געוואוסט וואס ער קען דארט זען. מישטיינס געזאגט, וואס וועט ער דארט זען, ווי זיין טעכטערל גייט ארום א גאנצען טאג א האלב־נאקעטע אין בלויזען „סליפ" און האט גאר קיין חרפה און בושה ניט ? ער, זאלען עס שוין בעסער זיינע אויגען ניט זען. איז ער טאקע קיינמאל ניט אריין אין שאו־רום און אז איינמאל האט ער דארט עפעס באדארפט האבען, און ער האט דערזען ווי דער באס, דער יונגער גליקשטיין, איז צו זיין טעכטערל געקראכען מיט זיינע הענט און ווי זי, רעי, איז געשטאנען ווי א קאלב און נאך געקוואלען, נאך אים פארקוקט מיט א געלעכטערעל אין די אויגען, האט ער געפילט ווי זיך צו באגראבען פון שאנדע. ער האט געהאט א געפיל ווי צוצולויפען און ביידען גוט אויספראסקען, נאר האט צו דעם קיין מוט און קיין כוח ניט געהאט, האט ער א דערצארענטער. אן אפהענדיגער און א פארשעמטער, זיך קוים דערשלעפט צוריק צו זיין מאשין.

— וואס קוועלט זי נאך און וואס טשירעט זי נאך מיט די ציין, וואס ? — האט ער זיצענדיג ביי דער ארבייט זיך ניט געקענט בארוהיגען און פון זיין הארצען האט זיך געגאסען בלוט.

יענעם אויפדערנאכט, ווען זיין טעכטערל איז געקומען אהיים, האט ער איר געגעבען א שווארצע גאב. אבער זי האט זיך פון אים אויסגעלאכט און זיך נאך אויף אים צעשריען פארוואס ער קומט גאר אריין אין שאו־רום וואו מען באדארף אים ניט.

— פא — האט זי, קייענדיג שנעל, שנעל די קייגומי, אים שטרענג געענטפערט—ס'איז ניט דיינע ביזנעס. איך האב א סך פאן און מיש זיך ניט וואו מען דארף ניט. איך וועל דיך ניט פרעגען...

— אויף אזא גאב פון זיין טעכטערל האט ער זיך שוין גארניט געריכט.

„אז פארברענט האט באדארפט ווערען דער קאנטעסט מיט אלץ און אן אנדער" — האט ער א צעצארענטער געטראכט און ער איז געבליבען זיצען א דערשלאגענער.

מילא, דאס וואס זי טוט אין שאו־רום און ווי זי פירט זיך דארט מיט די בייערס, מיט דעם וואלט ער שוין אפשר שלום געמאכט. וואס קען ער זיך העלפען ? אריינגעפאלען און פארפאלען איז אבער נאך די צרה וואס די טעכטערל זיינע האט אנגעהויבען אזוי א מיטן בלויזען „סליפ" און מיט איר האלב־נאקעטען הילוך אויך אריינקומען אין שאפ. זי איז ביי די בעלי בתים זיינע, ביי די גליקשטיינס, דערהויפט ביי דעם אינגערען גליקשטיין, ביי דעם אויסגעפוצטען פראנט מיט די גלאט פארקעמטע האר, געווארען א גאנצע דעה זאגערין. זי איז ביי אים געווארען די הויפט מאדעל־מיידעל און אז דער דעזיינער דארף אנמעסטען א נייע מאדע, מעסט ער דאס אן אויף איר און אז א פארטיגע דרעס איז עפעס ניט גוט אויפגעארבייט און מען דארף עפעס פארריכטען, ברענגט זי עס אריין אין שאפ. זי קומט אריין אין שאפ אין איר האלב־נאקעטען הילוך מיט דעם קורצען „סליפ" וואס דערלאנגט ניט צו די קני, מיט די הוילע ארעמס און האלב־אפגעדעקטע בריסט. זי גייט דורך דעם שאפ, מאלט שנעל, שנעל מיטן מויל די קיי־גומי, אויפן טאטען גיט זי אפילו ניט א קוק, אט אזוי ווי ער וואלט זיך גאר ניט געפונען אין שאפ. מאיר פילט ווי די אויגען פון אלע מענער אין שאפ שפיזלען זיך אן אויף איר. ער דערפילט זייערע טריפה'נע געדאנקען וואס באהאלטען זיך הינטער זייערע בליקען און זייערע בליקען אויף זיין טעכטערל שטעכען אים דורך ווי מיט נאדלען.

אבער ערגער ווי אלץ זיינען די ווערטלאך די אנצוהערענישען וואס הויבען אן פליען פון אלע זייטען נאכדעם ווי זי גייט ארויס פון שאפ צוריק אין שאו־רום.

אט אזוי זיך, ווי גאר ניט מיינענדיג און ווי גאר ניט האבענדיג מאיר'ן אין זינען, ניט קוקענדיג אפילו אויף אים, האט איזי דער לאנגער ארויסגעלאזען א זיפץ איינמאל, נאכדעם ווי דאס טעכטערל זיינס, רעי, איז מיט איר האלב־נאקעטען הילוך דורכגעגאנגען דעם שאפ און א צווייטער אפערייטאר, דער רויטער טשארלי, מיט די זומער־שפרענקעלאך, האט אים א פרעג געטאן :

— וואס זיפצסטו, איזי, וואס איז, דיינע שיפען זיינען אונטערגעגאנגען ?

— איך זיפץ — האט דער לאנגער איזי געענטפערט און זיין קאסאקע אויגעל האט ממזר'יש געשמייכעלט — וואס ס'איז ניטא קיין מזל, ווען איך האב אזא פרוויקעלע וואלט איך שוין געקענט לעבען נאך א פופציג יאר אן א ווייב.

און אלע אפערייטארס האבען זיך צעלאכט.

ביי מאיר'ן האט זיך דאס בלוט געגאסען פון הארצען. ער האט געפילט ווי צוצולויפען צום לאנגען איזי און אזוי אנהויבען שטיקען דעם גרויסען גארגעל זיינעם, אז די אויגען פון קאפ זאלען אים ארויסגעזעצט ווערען צו אלדי שווארצע יאר. ער האט זיך אבער דערפילט עפעס אזוי מאדנע אפגעשוואכט, אז די פיס זיינען אים געווארען ווי געליימט און די הענט ווי אפגענומען איז ער געבליבען זיצען הילפלאז אויף זיין פלאץ. אבער דאס בלוט האט אין אים געקאכט.

— נא, מויד, דו בלייבסט אין הויז ! מער וועט דיין פוס ניט גערעכט ווערען אין גליקשטיינ'ס שאפ, הערסט וואס מען זאגט דיר, מויד ? ... אז פארברענט זאל דער שאפ ווערען מיטן דזשאב צוזאמען... — האט מאיר יענעם אוונט מיט ביטערניש און צעקאכטקייט געזאגט צו זיין טעכטערל, גלייך ווי זי איז אריין אין שטוב.

און אפגעזאגט זיינס האט ער דערפילט גלייך ווי א שווערע משא וואלט אים ארונטער פון הארצען.

— און ווער גיט עס מיר דעם באסעל, הא ? דו ? אה, מאך זיך ניט צום נאר — האט אים דאס טעכטערל טראציג אנגעקוקט און ארויסגעלאזען א קורצען אפגע־

# צען יאָר דעפּרעסיע (1939—1929)

## פון פּראָפעסאָר א. דוביצקי.



י עקאָנאָמישע פּאַסירונגען פון דעם נאָר וואָס פאַרגאַנגענעם יאָר 1939 זיינען פון גרויס באַדייטונג און אינטערעס.

דער נאָר וואָס פאַרגאַנגענער יאָר איז אינטערעסאַנט שוין מיט דעם, וואָס כמעט צום סאַמע סוף פון זיין עקזיסטענץ—אין דעם לעצטען פערטעל פון יאָר—האָט זיך באַמערקט אַ באַשיינפּערלאַכער און זייער ממשות'דיגער וואוקס פון דער אינדוסטריעלער אַקטיוויטעט פון כמעט אַלע וויכטיגע צווייגען פון אונזער ווירטשאַפט.

אמת, אויך אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1938 האָט זיך באַמערקט אַ געוויסער וואוקס פון דער ווירטשאַפטלאַכער אַקטיוויטעט, וואָס האָט דעמאָלט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד און וואָס האָט אַרויסגערופען גרויסע, שטאַרק איבערטריבענע דערוואַרטונגען און האָפנונגען.

דעמאָלט האָבען אָבער אַ באַזונדערס הויכען וואוקס אַרויסגעוויזען די אינדוסטריען, וואָס פּראָדוצירען סחורות פאַר דעם ברייטען מאַסען-געברויך, די אַזוי גערופענע לייכטע אינדוסטריען. דאָס איז געווען פאַרבונדען פון איין זייט מיט דעם אָרגאַניזירטען ווידערשטאַנד פון אַרבייטער און זייערע יוניאָנס געגען אַריבערטראָגען די גאַנצע משא פון דער דעפּרעסיע אויף די פּלייצעס פון די מאַסען און פון דער אַנדערער זייט מיט רוזוועלט'ס פּאָליטיק אויפצוהאַלטען די קויף-קראַפט פון די אַמעריקאַנער אַרבייטער-מאַסען און פאַרמערס. די שווערע אינדוסטריען האָבען אָבער דעמאָלט ניט אַרויסגעוויזען אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע אַזאַ גיכע טענדענץ אין זייער שטייגען, ווי די לייכטע אינדוסטריען, און דאָס איז אַ באַוואוסטער כלל, אַז אַ פונדאַמענטאַלע און לאַנגדויערענדע פאַרבעסערונג אין דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטלאַכער סיטואַציע איז אָפּהיינגיג פון אַ פונדאַמענטאַלען וואוקס אין דער פּראָדוקציע פון די שווערע אינדוסטריען. עס איז דערפאַר פון גרויס וויכטיגקייט און אינטערעס דער באַזונדער הויכער וואוקס אין דעם לעצטען פערטעל פון יאָר 1939 פון אַ גאַנצער ריי צווייגען פון דער שווערער אינדוסטריע — ווי די מאַשינען־אינדוסטריע און אייזען־באַן־אויסשטאַטונג. די פּראָדוקציע פון די שווערע אינדוסטריען האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 20 פּראָצענט אין דער צייט, וואָס די פּראָדוקציע פון די לייכטע אינדוסטריען האָט זיך פאַרגרעסערט נאָר אויף 2 פּראָצענט. די שווערע אינדוסטריען האָבען אָנגעשטעלט 242 טויזענט נייע אַרבייטער.

דער וואוקס אין דער שטאָל־אינדוסטריע האָט זיך אין אַ קורצער צייט אַ הויב געטאָן פון אַן ערך 60 פּראָצענט ביז איבער 90 פּראָצענט פון איר פּראָדוקציע־פעאיגקייט, דערגרייכענדיג צו דער הויך פון יאָר 1929.

די פּראָדוקציע פון שטאָל האָט אין דעם דריטען פערטעל פון יאָר 1939 דערגרייכט די הויך פון 16 מיליאָן טאָן. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער שטאָל אינדוסטריע — אַזאַ הויכע פּראָדוקציע אין משך פון איין פערטעל יאָר.

ניט קוקענדיג אויף אַזאַ באַדייטענדעם וואוקס פון דער שווערער אינדוסטריע הייסט דאָס בשום אופן ניט, אַז דער דאָזיקער וואוקס איז אַן אויסדרוק פון אַן אָנקומענדיגער לאַנגער פּעריאָדע פון ווירטשאַפטליכער סטאַביליטעט, אַ פּעריאָדע פון אמת'ער, אַלץ אַרומכאַפּענדיגער פּראָספּעריטי, אַ פּעריאָדע, וואָס וועט אין משך פון לאַנגע יאָרען אָנהאַלטען די דאָזיגע טענדענץ פון דער ווירטשאַפט באַרג אַרויף. דער דאָזיגער וואוקס איז ניט מער, ווי אַ צייטווייליגער איבעררייס אין דעם אַלגעמיינעם, פּערמאַנענטען און כראָנישען קריזיס פון דער היינטיגער ווירטשאַפט־סיסטעם. עס איז ניט מער, ווי אַ געוויסע פאַזע אין דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון אונזער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיק.

דערצו איז די דאָזיגע פאַזע אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער עקאָנאָמיק צונויפגעפאַלען מיט דעם אָנהויב פון דער מלחמה אין אייראָפּע.

אַ פאַרהעלטניסמעסיגע און גאַנץ ממשות'דיגע אַלגעמיינע פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע אין אונזער לאַנד איז צונויפגעפאַלען מיט דעם אָנהויב פון קריג. די וואַקסענדע קריגס־באַשטעלונגען האָבען אין אַ געוויסער מאָס סטימולירענד געווירקט אויף די אַמעריקאַנער אינדוסטריען. זייער סטימולירענדע ראָל האָט אָפּילו אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט דעם באַשיינפּערלאַכען עפעקט פון אַ נאָרמאַלער העכערונג אין דער ביזנעס־אַקטיוויטעט פון אונזער לאַנד.

אויב אַ געוויסער וואוקס פון ווירטשאַפטליכער אַקטיוויטעט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1938 האָט אַרויסגערופען גרויסע, שטאַרק־איבערטריבענע דערוואַרטונגען, זיינען די דערוואַרטונגען און די האָפנונגען אויף אַ נייער פּעריאָדע פון בליענדער פּראָספּעריטי און אויף אַ באַלדיגען און געוואַלדיג גרויסען קריגס־בום דאָס מאָל ניט אין אַן ערך גרעסער. די דאָזיגע דערוואַרטונגען זיינען דערווייל פאַרבליבען ווייט ניט באַפרידיגט.

דאָס צונויפפאַלען פון אַ וואַקסענדער אינדוסטריעלער אַקטיוויטעט מיט דעם אָנהויב פון דער מלחמה אין אייראָפּע גיט צו די פּאַסירונגען פון דעם נאָר וואָס פאַרגאַנגענעם יאָר זייער באַזונדער באַדייטונג און אינטערעס.

---

די הויפּט באַדייטונג און דער הויפּט אינטערעס פון דעם נאָר וואָס פאַרגאַנגענעם יאָר באַשטייט אָבער אין דעם פאַקט, וואָס מיט דעם יאָר 1939 פאַרענדיגט זיך דער צענטער יאָר פון דער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע.

זינט דעם יאָר 1929 האָט אַן עקאָנאָמישער קריזיס אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד — אַ קריזיס, וואָס האָט צו זיך ניט קיין גלייכען אין דער גאַנצער געשיכטע פון דעם היינטיגען מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם.

דער היינטיגער קריזיס האָט ניט צו זיך קיין גלייכען מיט אַלע פריערדיגע דעפּרעסיעס ניט לויט זיין אינטענסיוויטעט, ניט לויט זיין אַלגעמיינעם כאַראַקטער, אַרומכאַפּענדיג אַלע וויכטיגע צווייגען פון דער ווירטשאַפט, סיי פון דער אינדוסטריע, סיי פון דער לאַנד־ווירטשאַפט, ניט לויט זיין לאַנג־דויעריגקייט. ניט נאָר ווערט מיט יאָרען דער עפעקט פון קריזיס געלינדערט, נאָר גראָד פאַרקערט — מיט יעדען יאָר ווערען זיינע רעזולטאַטען אַלץ מערקבאַרער און שטאַרקער. מיט יעדען יאָר ווערען אַלץ נייע שיכטען פון דער באַפעלקערונג אַרומגעכאַפּט מיט דער ווירקונג פון קריזיס און די אַלגעמיינע פאַראָרימונג פון די ברייטע מאַסען ווערט אַלץ גרעסער, שאַפנדיג אַ פאַרצווייפעלטע לאַגע פאַר דעם גרעסטען טייל פון די איינוואוינער פון אונזער לאַנד.

העכער 20 מיליאָן מענשען זיינען אָפּהיינגיג פאַר זייער עקזיסטענץ פון רעליף. אין דער רייכסטער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה פון דער וועלט, אין די שטאָלצע פאָראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע, געפינען זיך 20 מיליאָן מענשען, אָדער אַ זעקסטעל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אויפ'ן ברעג פון הונגער־טויט. אין משך פון דעם גאַנצען צען־יאָריגען קריזיס־פּעריאָד האָט אונזער ווירטשאַפט דורכגעמאַכט פאַרשידענע פאַזען פון אַנטוויקלונג. צייטענווייז איז די שיף פון אונזער עקאָנאָמיק געזונקען זייער טיף און די פּראָדוקציע איז געפאַלען זייער נידעריג. דאָס איז געווען אין דעם שוואַרצען יאָר 1933. צייטענווייז האָט די ווירטשאַפטליכע אַקטיוויטעט אַרויסגעוויזען אַ געוויסען וואוקס, ווי אין יאָר 1937. אין אַלגעמיין אָבער, אָפּגעזען פון פאַרשידענע איינצעלנע פאַזען, אָפּגעזען פון איינצעלנע פּעריאָדען פון באַשיינפּערלאַכער, פאַרהעלטניסמעסיגער פאַרבעסערונג פון דער ווירטשאַפטליכער לאַגע, זיינען דאָס געווען ניט מער ווי געוויסע איבעררייסען אין דעם אַלגעמיינעם אומאונטערבראָכענעם צען־יאָריגען פּעריאָד פון אומפאַרגלייכליכער דעפּרעסיע.

---

דער נאָר־וואָס פאַרגאַנגענער יאָר שליסט אָפּ דעם פּעריאָד פון אַן אומאונטערבראָכענער צען־יאָריגער דעפּרעסיע מיט אַ נייעם וואוקס פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע. קיין איין איינציגע פאַזע אין דעם דאָזיגען צען־יאָריגען פּעריאָד 1939—1929 פון דערפּרעסיע האָט ניט דערגרייכט אַזאַ גוואַלטיגען אינדוסטריעלען וואוקס, ווי אין משך פון די לעצטע חדשים פון דעם יאָר 1939.

דער אינדעקס פאַר אינדוסטריעלער פּראָדוקציע האָט אין מאָנאַט דעצעמבער דערגרייכט די הויך פון 128. אין יאָר 1929 האָט דער דאָזיגער אינדעקס פאַר אינדוסטריעלער פּראָדוקציע קיינמאָל ניט אַריבערגעשטיגען דעם ציפער פון 125. די הויך פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע אין דעם לעצטען פערטעל פון יאָר 1939 איז געווען גלייך צו דעם העכסטען פערטעל פון יאָר 1929. אין משך פון גאַנצע צען יאָר האָט מען מיט אומגעדולד דערוואַרט, אַז די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע זאָל זיך ווידער אומקערען צו דער הויך פון יאָר 1929. מען האָט אונז שטענדיג געהאַלטען, אַז אַיין פאַרזיכערען — זאָל נאָר אַמאָל ווידער די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע שטייגען אַזוי הויך, ווי דאָס איז געווען אין יאָר 1929, וועלען מיר פאַרגעסען אָן אַלע אונזערע צרות. דעמאָלט וועט דער קריזיס פאַרשווינדען, דעמאָלט וועט זיך אָנהויבען אַ נייער פּעריאָד פון פּראָספּעריטי, דעמאָלט — און דאָס איז דער עיקר — וועט די שרעקלאַכע אַרבייטסלאָזיגקייט אינגאַנצען פאַרשווינדען.

איצט ווייזט זיך אַרויס, אַז ווען די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע האָט דערגרייכט דעם הויך פון יאָר 1929, איז די אַרבייטסלאָזיגקייט נאָך אַלץ ניט פאַרשוואונדען. עס זיינען נאָך איצט אַלץ פאַראַן אין לאַנד העכער 9 (ניין) מיליאָן אַרבייטסלאָזע, און לויט אַנדערע אויסרעכענונגען דערגרייכט אַפּילו די צאָל אַרבייטסלאָזע ביז 12 (צוועלף) מיליאָן.

עס וועט זיין דערפאַר זייער אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכען די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע און די אַרבייטסלאָזיגקייט פון מאָנאַט אָקטאָבער 1929 און פון מאָנאַט אָקטאָבער 1939. אין אָקטאָבער 1929 און אין אָקטאָבער 1939 איז די הויך פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע געווען כמעט אינגאַנצען גלייך. דער אינדעקס אין אָקטאָבער 1929 איז געווען 118 און אין אָקטאָבער, 1939 — 120. צו גלייכער צייט זיינען אָבער אין אָקטאָבער 1929 געווען 47 מיליאָן באַשעפטיגטע אַרבייטער אין די פאַראייניגטע שטאַטען, ווערענד אין אָקטאָבער 1939 איז די צאָל באַשעפטיגטע אַרבייטער געווען ניט מער ווי 44 מיליאָן. מיט אַנדערע ווערטער, הייסט עס, אַז אין אָקטאָבער 1939 האָט מען געקענט פּראָדוצירען מיט 2 פּראָצענט מער סחורות, באַשעפטיגענדיג 3 מיליאָן ווייניגער אַרבייטער — אַ דאַנק דעם וואוקס פון דער טעכנאָלאָגישער אַנטוויקלונג אין משך פון די פאַרגאַנגענע צען יאָר.

פאַר דער זעלבער צייט זיינען צוגעקומען 5 מיליאָן נייע אַרבייטער, אַ דאַנק דעם נאַטירליכען צוואוואוקס פון דער באַפעלקערונג. אינאיינעם מאַכט דאָס אויס 8 מיליאָן אַרבייטער, וואָס נויטיגען זיך אין אַרבייט. אין אָקטאָבער 1939 זיינען 1 (איין) מיליאָן אַרבייטער געווען אַרבייטסלאָז. אינאיינעם באַקומט איר אויף אַזאַ אופן יענע 9 מיליאָן אַרבייטסלאָזע, וועלכע געפינען זיך ביי היינטיגען טאָג אין לאַנד.

עס איז דערביי אויסערגעוויינליך וויכטיג צו אונטערשטרייכען, אַז די 3 מיליאָן אַרבייטסלאָזע, וואָס זיינען

---

האָקטען לאָך אין וועלכען עס איז געלעגען אַ גרינגשעצונג און אַ חוזק.

מאיר האָט זיך דערפילט ווי מען וואָלט אים מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ געגעבען און ער האָט זיך אָנגעהויבען ווערגען מיטן אייגענעם אָטעם.

ער האָט זיין טעכסערל גאָר ניט געעפנט, נאָר אויף מאָרגען, ווען ער האָט אין שאָפּ פאַרטיג געמאַכט זיין באַנדעל אַרבעט, האָט ער מער קיין אַרבייט ניט גענומען. ער האָט צונויפגעקליבען זיינע מאַשין־געצייג, האָט זיין גרויסע שער אַריינגעשטעקט אין בוזים־קעשענע פון מאַנטעל, האָט אַריינגעטראָגען דאָס פּעקעלע „פּעיסיקעסס" אין אָפיס, עס איבערגעגעבען צום אינגערען מר. גליקשטיין און זיך צו אים אָפּגערופען:

— איך בין סאָרי, מיסטער גליקשטיין, איך מוז פאַרלאָזען דעם שאָפּ. ס'וועט זיין גענוג אַז אין אייער שאָפּ וועט זיך געפינען איינע פון דער רעלקין פאַמיליע. . .

— און איז אַרויס פון שאָפּ.

∴

דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער און אַ שליכאַטנער. אַ נאַסער שניי איז געדיכט געפאַלען און מאיר רעלקין, אַ דורכגענעצטער פון קעלט, האָט זיך געשלעפּט פון איין שאָפּ־געביידע צו דער צווייטער, האָט איבערגעקוקט אַלע מעגליכע „סיינס" וואָס זיינען אויף שטריקלאַך אַרונטערגעהאָנגען ביים אַריינגאַנג פון יעדער געביידע און געזוכט צי מען פאַרלאַנגט אַן אָפּערייטער ביי דרעסעס.

אַ רעזולטאַט פון דער טעכנאָלאָגישער אנטוויקלונג פאר די לעצטע צען יאָר, שטעלען מיט זיך פאָר נאָר אַ טייל פון דער אַזוי גערופענער „טעכנאָלאָגישער" ארבייטסלאָזיגקייט. די טעכנאָלאָגישע אנטוויקלונג האָט געמאכט אַזאַ גוואַלדיגען פּראָגרעס פאר די לעצטע צען יאָר, אַז עס איז מעגליך ביי דער זעלבער הויך פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע צו באַשעפטיגען אַן ערך 6 מיליאָן ווייניגער ארבייטער, ווי אין יאָר 1929. עס איז אויסגערעכנט, אַז מיר וואָלטען ביי היינטיגען טאָג געהאט מיט אַן ערך 3 מיליאָן מער ארבייטסלאָזע, ווען אין משך פון די זעלבע צען יאָר וואָלט ניט פאָרגעקומען אַ פארקירצונג פון דער ארבייטס־וואָך.

פארקירצענדיג די ארבייטס־וואָך אויף 10 שעה — פון דער דורכשניטליכער 50 שטונדיגער ארבייטס־וואָך אין 1929 ביז דער דורכשניטליכער 40־שטונדיגער ארבייטס־וואָך אין 1939 — איז עס געלונגען צו פארקלענערן די טעכנאָלאָגישע ארבייטסלאָזיגקייט פון 6 (זעקס) מיליאָן ביז 3 (דריי) מיליאָן. עס איז איבעריג צו אונטערשטרייכען ווי גרויס עס איז געווען די ראָלע פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג אין דער דאָזיגער הינזיכט און וואָס פאר אַ גוואַלדיגע ראָלע עס האָט געשפּילט דאָס יוניאָניזירען פון די וויכטיגע אינדוסטריען אין משך פון דעם דאָזיגען צען־יאָריגען פּעריאָד. עס איז כמעט ניט מעגליך אָנצואווייזען אַן ענליכע דערגרייכונג אין וועלכער ניט איז אַנדער לאַנד.

3 מיליאָן ארבייטער זיינען געבליבען באַשעפטיגט. עס האָט זיך איינגעגעבען ראַטעווען אַ גאַנץ פערטעל פון דער אַלגעמיינער צאָל ארבייטסלאָזע. דער דאָזיגער רעזולטאַט דאַרף צוגעבען אַ סך מוט דער אמעריקאנער טרייד־יוניאָן באַוועגונג אין דער איצטיגער צייט, ווען די אַלגעמיינע סיטואַציע אין דער ארבייטער באַוועגונג קאָן באַרעכטיגען אַ געוויסע נייגונג פאר פּעסימיסטישע טענדענצען און דערמיט גופא אָפּשוואַכען די פּאָטענציעלע קראַפט פון דעם אָרגאַניזירטען ארבייטער־קלאַס.

מען טאָר זיך אָבער ניט אָפּשטעלען אויף די דערגרייכטע רעזולטאַטן. אַ פערציג־שטונדיגע ארבייטס־וואָך איז טאַקע אַ געוואַלדיגער אויפטו. מיר האָבען אָבער שוין אָנגעוויזען אין אונזערע פריערדיגע אַרטיקלען, אַז די אַמעריקאנער טרייד־יוניאָן באַוועגונג דאַרף זיך שטעלען פאַר איר אויפגאַבע איינצופירען אין דער צוקונפט אַן אַלגעמיינע דרייסיג־שטונדיגע ארבייטס־וואָך, ווייל נאָר אין דער ריכטונג איז מעגליך צו געפינען אַ לייזונג פאר דער פּראָבלעם פון דער טעכנאָלאָגישער ארבייטסלאָזיקייט.

---

דער נאָר וואָס פאַרגאַנגענער יאָר איז אויך אינטערעסאַנט מיט דעם, וואָס מיט דעם יאָר 1939 פארענדיגט זיך דער זיבעטער יאָר פון דעם „ניו דיל".

מען קען ניט זאָגען, אַז די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דעם „ניו־דיל" פאר דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ איז שטענדיג געווען אינגאַנצען אויסגעהאַלטען. גראָד פארקערט, די דאָזיגע עקאָנאָמישע פּאָליטיק איז כאַראַקטעריסטיש מיט אַ גרויסער צאָל וואַקלענישען און איז ווייט פון זיין אויסגעהאַלטען אין דורכפירען אַ באַשטימטע, איין מאָל פאר אַלע מאָל אָנגענומענע ליניע.

ניט קוקענדיג אויף דעם, איז די פּראָגרעסיווע באַדייטונג פון דעם „ניו דיל" און זיין אַלגעמיין פּראָגרעסיווע ראָלע און ווירקונג אומבאַשטרייטבאַר. פריער פון אַלץ איז דער „ניו־דיל" אַן איינציגאַרטיגער פּרוּוו צו פּלאַנירען — אויף זייער אַ באַגרענעצטען אופן, פאַרשטייט זיך — אין די ראַמען פון אַ קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. עס איז פאַראַן מער ווי גענוג גרונט אָפּצופרעגען די מעגלאַכקייט פון אַזאַ מין פּלאַנירען. מען טאָר אָבער ניט פארגעסען, אַז נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק איז דער געדאַנק גופא וועגען פּלאַנירען געווען כמעט אַלגעמיין אָנערקענט ווי אַ גוואַלדיגע עקאָנאָמישע אפּיקורסות פון דעם שטאַנדפּונקט פון די הערשענדע טעאָריעס.. און דער עיקר — זיינע פּראַקטישע רעזולטאַטען. מען מוז געדענקען, אַז אַ דאַנק דעם „ניו־דיל" האָט זיך איינגעגעבען אָנצוהאַלטען די קויף־קראַפט פון די ברייטע מאַסען, כאָטש אויף דער מדרגה ווי זי געפינט זיך ביי היינטיגען טאָג. ווען ניט דער „ניו־דיל" וואָלט די דאָזיגע קויפקראַפט געפאַלען נאָך נידעריגער, ווי דאָס איז פאָרגעקומען אין דער פריערדיגער פאַזע פון דער דעפּרעסיע אונטער דער הונגער־רעזשים פון הואָווער. רוזוועלט'ס פּאָליטיק איז געווען אַ וויכטיגער פאַקטאָר אויפצוהאַלטען די קויף־קראַפט פון די ארבייטער־מאַסען און פון די פאַרמערס. די פּראָגרעסיווע סאָציאַלע געזעצגעבונג אין דעם פאַרגאַנגענעם פּעריאָד, אָפּגעזען פון איהרע געוויסע חסרונות און אָפּגעזען פון דעם וואָס זי איז ווייט פון צו זיין פאָלקאָם, איז נאָך אַ וויכטיגער און גוואַלדיגער ביטראָג פון דעם „ניו־דיל".

אין דעם איצטיגען מאָמענט מאַכט דער „ניו־דיל" דורך אַ נייע פאַזע פון געוויסע וואַקלענישען, וואָס איז פון איין זייט פאַרבונדען מיט דער קריג־סיטואַציע אין אייראָפּע און פון דער אַנדערער זייט — מיט די קומענדיגע פּרעזידענטס־וואַלען.

די קריג־סיטואַציע אין אייראָפּע איז פעאיג אַרויסצורופען געוויסע פּסיכאָלאָגישע נייגונגען, וועלכע שאַפען אילוזיעס — אָפילו דאָרטען און צווישען די יעניגע, וואו מען וואָלט דאָס ווייניגער ווי אַלץ געמעגט דערוואַרטען — צו לייזען אונזערע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אויסערהאַלב די געאָגראַפישע ראַמען פון אונזער אייגען קאָנטינענט.

די קומענדיגע פּרעזידענטס־וואַלען פארדונקעלען ניט אין קלענערער מאָס דעם גאַנצען פּאָליטישען האָריזאָנט. אַנשטאָט קלאָר צו מאַכען לאָזונגען און פּאָליטישע ליניעס, איז גאַנץ נאַטירליך צו באַמערקען אַ טענדענץ צו פאַרשטעלען די אמת'ע כוונות מיט אַ געדיכטען פאַרהאַנג פון פּאָליטישען רויך.

דאָס שאַפט, פאַרשטייט זיך, אַ נייגונג צו שניידען רעליף־פאָנדען, ניט רעכענענדיג זיך מיט די אמת'ע באַדערפענישען, אין דער האָפנונג, אַז דער וואוקס פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע אין לאַנד, אינאיינעם מיט די סטימולירענדע באַשטעלונגען פאר דער מלחמה אין אייראָפּע, וועט געבען אַ מעגליכקייט פּריוואַטע אינדוסטריען אַריינצוציען אַ גרעסערע צאָל ארבייטער.

עס איז פאַראַן גענוג גרונט צו צווייפלען, אויף וויפיל די דאָזיגע האָפנונג איז באַרעכטיגט. עס איז יעדענפאַלס באַשיינפערלאַך קלאָר, אַז מען קען ניט דערוואַרטען אין דער נאָענטער צוקונפט די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע זאָל אויסוואַקסען אַזוי הויך, אַז פּריוואַטע אינדוסטריען זאָלען זיין אימשטאַנד אַריינצוציען 9 מיליאָן ארבייטסלאָזע. די לעצטע פאַקטען האָבען פולשטענדיג באַשטעטיגט דעם פאַרזאָג, אַז אַ אינדוסטריעלער וואוקס, וואָס האָט אָפילו דערגרייכט דעם הויך פון יאָר 1929, איז ניט געווען גענוג אָפּצושאַפען די ארבייטסלאָזיגקייט. איצט פאַרזיכערט מען אונז, אויפן גרונד פון געוויסע אויסרעכענונגען, אַז אום צו געבען ארבייט אַלע ארבייטסלאָזע איז נויטיג די פּראָדוקציע זאָל אַריבערשטייגען די הויך פון יאָר 1929 אויף 25 פּראָצענט.

די דאָזיגע אויסרעכענונגען קאָנען אָבער קיין מאָל גענוי ניט פאָראויסזען די ווייטערדיגע געוואַלדיגע מעגליכקייטען פון טעכנישען פּראָגרעס אין דער צוקונפט. אחוץ דעם איז ניט פאַראַן קיין שום גרונט צו רעכענען, אַז די פּראָדוקציע זאָל זיך העכערען אויף 25 פּראָצענט אין דער נאָענטער צוקונפט. מען דאַרף האָבען אין זינען — און דאָס איז כמעט אַן אַלגעמיין אָנערקענטער פאַקט — אַז 25 פּראָצענט פון דעם אינדוסטריעלען וואוקס אין די לעצטע פיר חדשים פון יאָר 1939 איז אַ רעזולטאַט פון מלחמה־באַשטעלונגען.

שטעלט זיך איצט די פראַגע, אויב די דאָזיגע מלחמה־באַשטעלונגען וועלען אָנהאַלטען און צי די מלחמה וועט זיין אימשטאַנד ווייטער צו סטימולירען אמעריקאַנער ביזנעס.

אויך — וואָס וועט זיין די אַלגעמיינע טענדענץ פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע אין יאָר 1940. דער וויכטיגסטער פאַקטאָר, וואָס וועט באַאיינפלוסען די ווייטערדיגע ריכטונג פון דער פּראָדוקציע אין די קומענדיגע 12 חדשים ווענדעט זיך, פאַרשטייט זיך, פון דעם, ווי לאַנג די מלחמה וועט אָנהאַלטען און פון דער מעגליכער ווייטערדיגער אויסברייטונג פון דער מלחמה.

---

צווישען די יאָרען 1919—1929 איז די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע אויסגעוואַקסען אויף 43 פּראָצענט, בעת צווישען די יאָרען 1929—1939 איז די פּראָדוקציע געפאַלען אויף 11 פּראָצענט, אָפּגעזען פון דעם, וואָס אין דעם לעצטען פערטעל פון יאָר 1939 האָט די פּראָדוקציע אַריבערגעשטיגען די הויך פון יאָר 1929.

צווישען די יאָרען 1919—1929 האָט זיך דער אַלגעמיינער לעבען־סטאַנדאַרד געהויבען. די באַפעלקערונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען האָט זיך פאַר יענער צייט פאַרגרעסערט אויף 16 פּראָצענט, אָבער די פּראָדוקציע האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 43 פּראָצענט. דאָס הייסט, מיר האָבען דעמאָלט פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע מיט 23 פּראָצענט פער קאָפּ. העכער 13 מיליאָן פאַמיליעס האָבען געהאַט אייגענע אויטאָמאָבילען, מיליאָנען מענשען האָבען געהאַט בעסערע היימען, בעסער עסען און קליידער און מער מעגליכקייט צו געבען זייערע קינדער בילדונג.

צווישען די יאָרען 1929—1939 איז דער אַלגעמיינער לעבען־סטאַנדאַרד געפאַלען. די באַפעלקערונג האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 8 פּראָצענט, אָבער די פּראָדוקציע האָט זיך פאַרקלענערט אויף 11 פּראָצענט. דאָס הייסט, מיר האָבען פּראָדוצירט מיט 19 פּראָצענט ווייניגער פער קאָפּ.

אין משך פון דעם דאָזיגען פּעריאָד, פון אַ צען־יאָריגען קריזיס, זיינען די לעבענס־באַדינגונגען פון מיליאָנען ארבייטסלאָזע געווען באַזונדערס שוידערליך. מיליאָנען מענשען מיט זייערע פרויען און קינדער האָבען געלעבט אויף אַ „דאַבליו פּי איי" געהאַלט, אָדער זיינען געווען אָפּהיינגיג פון רעליף. זינט אַפּריל 1935 האָט די פעדעראַלע רעגירונג אויסגעגעבען אַרום 12 ביליאָן דאָלאַר פאר פאַרשיידענע רעליף־אַגענטורען. די נויט פאר הילף פאר דער גרויסער אַרמיי פון ארבייטסלאָזע איז ווייט ניט אַריבער. קיין שום אילוזיע קאָן די לאַגע אויף אַ האָר ניט ענדערען. זיך שפּילען מיט דעם לעבען פון מיליאָנען ארבייטסלאָזע און זייערע פאַמיליעס, צוליב פּאָליטישע מאַכינאַציעס איז אַ פאַרברעכען. מען קען אויך ניט זעטיגען מיליאָנען מענשען, וואָס הונגערן איצט, אויפ'ן חשבון פון מעגליכע, אָבער דערווייל נאָך אומבאַשטימטע קריג־פּראָפיטען אין דער צוקונפט. עס וואָלט בכלל געווען פיל געזינטער זיך צו פאַרלאָזען וואָס ווייניגער אויף ראָזעווע פּערספּעקטיווען פון דער מלחמה. ווייל, אחוץ אַלעם, איז עס אין אַלגעמיין גאָרניט אַזוי גרינג גענוי פאָראויסצוזאָגען ווי די מלחמה וועט זיך אָפּרופען אין דער צוקונפט אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון אונזער לאַנד.

---

אונטער אַזעלכע אַלגעמיינע באַדינגונגען קאָן אָפילו דער געהעכערטער נאַציאָנאַלער איינקונפט פאר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר ניט אַרויסרופען קיין באַזונדער גרויס באַגייסטערונג. דער נאַציאָנאַלער איינקונפט פאר דעם יאָר 1939 האָט דערגרייכט 70 ביליאָן דאָלאַר. אין יאָר 1938 אין דער נאַציאָנאַלער איינקונפט געווען 66 ביליאָן און 275 מיליאָן דאָלאַר, אין יאָר 1937 — 72 ביליאָן און 444 מיליאָן דאָלאַר, און אין יאָר 1929 — 81 ביליאָן און 660 מיליאָן דאָלאַר.

עס איז איבעריג צו אונטערשטרייכען וועמענס איינקונפט עס איז דער העכסטער אין דעם דאָזיגען „נאַציאָנאַלען" איינקונפט פון דעם גאַנצען לאַנד.

אום דאָס קלאָר צו מאַכען, איז גענוג אָנצואווייזען, אַז מיט דעם וואוקס פון דער פּראָדוקציע אין דעם יאָר 1939 אויף 25 פּראָצענט, זיינען די פּראָפיטען פון די אינדוסטריעלע קאָרפּאָראַציעס אויסגעוואַקסען אויף 70 פּראָצענט.

עס איז פאַראַן גענוג גרונט צו צווייפלען, ווי מיר האָבען שוין פריער אָנגעוויזען, אויב מיט אַ נייעם וואוקס פון דער פּראָדוקציע אויף 25 פּראָצענט וועט אינגאַנצען פאַרשווינדען די איצטיגע ארבייטסלאָזיגקייט. עס איז אָבער ניט פאַראַן קיין שום גרונט צו צווייפלען, אַז יעדער נייער וואוקס פון דער פּראָדוקציע וועט אין צענדליגער מאָל פאַרגרעסערען די פּראָפיטען פון די קאָרפּאָראַציעס. די פראַגע איז נאָר, ווי לאַנג קען אַזאַ לאַגע אָנהאַלטען. אויף דער דאָזיגער פראַגע קאָנען מיר ענטפערען מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט אויפ'ן סמך פון דער פאַרגאַנגענהייט — 10 יאָר געוויס. צען יאָר האָט די רייכסטע און די מעכטיגסטע מלוכה אין דער וועלט. די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע, דורכגעמאַכט אַ פּעריאָדע פון אַ מורא'דיגער דעפּרעסיע. צען יאָר האָט אַ לאַנד געלעבט אונטער אַ קריזיס, וואָס האָט צו זיך ניט קיין גלייכען אין דער גאַנצער געשיכטע פון היינטיגען קאַפּיטאַליזם. צען יאָר האָט דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם איבערגעלעבט דעם אַמעריקאַנער קריזיס. דער דאָזיגער פאַקט האָט אַרויסגערופען ביי די פירער פון דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם אַ האָפנונג, אַז דאָס איז ניט קיין קריזיס פון קאַפּיטאַליזם, נאָר אַ קאַפּיטאַליסטישער קריזיס. די פירער פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם האָבען אָפּגעוואָרפען זייער פאַרצווייפלונג און זייער שרעק. זיי האָבען זיך אָנגענומען אויפס ניי מיט מוט און זיינען גרייט זיך אומקערען צו דער זעלבער אַלטער פּאָליטיק, וואָס האָט אַזוי שטאַרק מיטגעהאָלפען דאָס אָנקומען פון דעם קריזיס אין יאָר 1929. אויב דאָס זאָל זיי געלינגען, קאָנען זיי זיין זיכער מיט אַ צווייטען 1929. זאָלען זיי אָבער ניט זיין אַזוי זיכער, אַז אַ צווייטער רוזוועלט וועט אויך דענסטמאָל זיין אימשטאַנד אַרויסצוהעלפען.

# די אנטשטייאונג פון טרייד יוניאנס און ארבייטער פארטייען אין אמעריקע

פון א. יאזעפסאן.

## די גרינדונג פון דער סאציאליסטישער פארטיי אין אמעריקא.



ען אימיצער וויל שרייבען די געשיכטע פון דער סאציאליסטישער פארטיי אין אמעריקע, אזוי מוז ער זיך אנשטויסען אויף דריי וויכטיגע פערזענליכקייטען, וואס זיינען געווען די גרינדער, פירער און טאן־געבער פון דער היגער סאציאליסטישער פארטיי. די דריי פערזאנען זיינען: יודזשין וויקטאר דעבס, מאריס הילקוויט און וויקטאר בערגער. דעבס ווערט באטראכט אלס די נשמה פון דער סאציאליסטישער פארטיי, מאריס הילקוויט, דער דענקענדער מארך, און וויקטאר בערגער, דער פראפאגאנדיסט און פראקטיקער, סיי אלס סאציאליסטישער קאנגרעסמאן און סיי אלס טעטיגער טוער אין וויסקאנסין סטייט. און וואס פאר א מיינונג מען זאל ניט האבען וועגען יעדען איינעם פון די איבענדערמאנטע פערזענליכקייטען, מוז אבער יעדער אומפארטייאישער באאבאכטער צוגעבען, אז יעדער איינער פון זיי האט געשפילט א היסטארישע ראל, ניט נאר אין דער באוועגונג פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער פארטיי, נאר אין דער פארשפרייטונג פון סאציאליסטישע אידעען און געדאנקען צווישען מיליאנען אמעריקאנער ארבייטער און אינטעלעקטואלען.

יודזשין וויקטאר דעבס איז געבוירען געווארען דעם 5טען נאוועמבער, 1855, אין טערע־האוט, אינדיאנא. זיינע עלטערען האבען געהאט א שפייז קראם. אין 1875 האט ער געארבייט אלס א „לאקאמאטיוו פייערמאן" און זיך אנגעשלאסען אין דער „בראדערהוד אוו לאקאמאטיוו ענד פייערמען". פאר א קורצער צייט האט ער געארבייט פאר א „גראסערי קאמפאני" אין טערע־האוט. אין 1879 איז ער דערוויילט געווארען פאר סיטי קלוירק. אין 1880 הויבט אן דעבס צוריק ארבייטען פאר די אינטערעסען פון די אייזענבאן ארבייטער. ער ווערט דער רעדאקטאר פון זייער זשורנאל און דער גענעראל סעקרעטאר־טרעזשורער פון דער ארגאניזאציע. אין 1885 איז דעבס דערוויילט געווארען אויפן דעמאקראטישען טיקעט צו דער לעגיסלייטור פון אינדיאנא, און ער וואלט געקענט מאכען פאר זיך א פיינע פאליטישע קאריערע, ווען אים זאל ניט געווען ציען צוריק צו זיינע אייזענבאן ארבייטער. ער האט געהאלפען ארגאניזירען די נאציאנאלע יוניאנס פון די קארמען. אין 1892 האט דעבס זיך אפגעזאגט פון א דזשאב וואו ער האט געקראגען פיר טויזענט דאלאר א יאר (א גרויסע סומע געלט אין יענער צייט) און זיך אפגעגעבען צו ארגאניזירען די פארשידענע פאכען פון די אייזענבאן ארבייטער פאר א געהאלט פון (9) ניין הונדערט דאלאר א יאר.

די „אמעריקען רעילוויי יוניאן" איז געגרינדעט געווארען אין שיקאגא אין 1893 און אין איין יאר האט די יוניאן שוין געהאט 465 לאדזשען וואס האבען פארמאגט ארום הונדערט און פופציג טויזענט מיטגלידער.

אין אפריל פון 1894 האט די יוניאן ארויסגערופען א סטרייק געגען דער „גרייטער נארטהערן רעילוויי קאמפאני". די ארבייטער האבען געהאט א זיג. די ארגאניזאציע איז געוואקסען און עס האט זיך אויסגעדאכט אז זי וועט באלד ווערען די שטארקסטע און איינפלוסרייכסטע יוניאן פון לאנד.

אין יוני 1895 האט די יוניאן ארויסגערופען א סטרייק פון די פולמאן ארבייטער. די פולמאן קאמפאניע האט געהאט קאנטראקטען מיט 24 אייזענבאן קאמפאניעס און די יוניאן האט געדארפט קעמפען געגען די מעכטיגע אייזענבאן קארפארעישאנס. די ארבייטער זיינען געווען גוט ארגאניזירט און קאמפאקט, אבער די אייזענבאן קארפארעישאנס האבען געהאט א גרויסען פאליטישען איינפלוס אויף דעם דעמאלסדיגען פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען גראווער קליוולאנד. דער פרעזידענט האט געשיקט מתנות פעדעראלע סאלדאטען צו אונטערדריקען דעם סטרייק און די געריכטען האבען געשאטען יעדען טאג מיט אינדזשאנקשאנס געגען די סטרייקער און די יוניאן פירער.

דעבס, אלס פירער פון סטרייק, איז ארעסטירט געווארען דעם 10טען יולי 1894. אין אנקלאגע האט די רעגירונג באשולדיגט דעבס'ן, אז ער האט זיך באטייליגט אין א קאנספיראציע פון מארד, אבער די באשולדיגונג איז געווען אזוי האמטענע, אז די רעגירונג אליין האט עס פארווארפען, נאר דעבס איז אנגעקלאגט געווארען אין „קאנטעמפט אוו קאורט" (ניט האבען קיין אכטונג צום געריכט) פאר וועלכער ער האט געקראגען זעקס מאנאטען טורמע.

דער סטרייק, די אונטערדריקונג פון סטרייק מצד דער רעגירונג מיט אלע מיטלען וואס דער שטאט באזיצט, האט דעבס'ן געלערנט צו באטראכטען די ארבייטער פראגע פון א נייעם שטאנדפונקט. דעבס האט אנטדעקט דעם קלאסען־קאמף. א חוץ דעם האט דעבס זיצענדיג אין טורמע געלייענט זייער פיל די סאציאליסטישע ליטעראטור. וויקטאר בערגער, שוין זייענדיג דעמאלט א סאציאליסטישער שרייבער, האט עטליכע מאל באזוכט דעבס'ן אין טורמע און אים געבראכט די ווערק פון מארקס'ן, ענגעלס'ן און קאוטסקי'ן, וועלכע ער האט זייענדיג אין טורמע פלייסיג שטודירט. (זעה: דעבס: „היס לייף, רייטינגס ענד ספיטשעס", זייטן 3—76).

אין 1896, ווען וויליאם דזשעננגס ברייען איז געלאפען אלס פרעזידענט, האט אים דעבס נאך געשטיצט, ווייל דעבס האט געגלויבט אז ברייענס פלאטפארם פון „פרייע זילבער" וועט צעשמעטערען די מאנאפאלען און טראסטען, אבער נאך דעם וואל־קאמף פון 1896 האט דעבס דערקלערט, אז ער זעט ניט איין קיין שום וועג ווי אזוי דער ארבייטער קלאס זאל זיך באפרייען סיידען די ארבייטער זאלען האבען אן אייגענע פארטיי.

אבער דעבס' סאציאליזם איז דעמאלט געווען א גאנץ אנדערער ווי מיר, סאציאליסטען, פארשטייען היינט. דעבס איז געווען שטארק אונטערן איינפלוס פון די סאציאליסטיש אוטאפיסטישע דענקער ראבערט אוען, שארל פוריע און אנדערע. דעבס האט זיך דעריבער ארומגעטראגען מיט א געדאנק צו גרינדען סאציאליסטישע קאלאניעס און דורך זיי אין דער פראקטיק איבערצייגען אפילו די קאפיטאליסטען די גוטסקייט און יושר פון סאציאליזם. דערביי דארף מען ניט פארגעסען, אז אין דעם שטאט אינדיאנא, וואו דעבס איז געבוירען געווארען, איז געווען דער ארט וואו ראבערט אוען האט אין 1825 געגרינדעט זיין קאמוניסטישע קאלאניע „ניו הארמאניע".

אין יוני פון יאר 1897 איז פארגעקומען א קאנווענשאן וואו עס זיינען געווען פארטראטען סאציאל־דעמאקראטען, קאלאניזיר גרופעס, סאציאליסטען וואס האבען געהאלטען פון דעבס פלאן, פארשטייער פון דער קאאפעראטיוו קאמאנוועלט, יוניאנס, קלובען פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי און רעליגיעזע פאראייגען און עס איז אנגענומען געווארען די פאלגענדע פרינציפען־דערקלערונג:

„כדי צו ברענגען באלדיגע הילף פאר די מאסען, דארף אונזער גאנצע ענערגיע אנגעווענדעט ווערען, אז די ארבייטסלאזע זאלען פארזיכערט ווערען דורך זעלבסט אונטערשטיצונג. פאר דעם דאזיגען צוועק זאל איינער פון די שטאטען פון דער יוניאן, וואס זאל שפעטער באשטימט ווערען, אפגעקליבען ווערען ווי א זאמעל־פונקט פון אונזערע אונטערשטיצער, וואו עס זאל איינגעפירט ווערען א קאאפעראטיווע אינדוסטריע, און דערנאך זאל ביסלעכווייז די טעטיגקייט אויסגעשפרייט ווערען ביז די נאציאנאלע קאאפעראטיווע געזעלשאפט וועט געגרינדעט ווערען.

„מיר רופען אלע ערענטליכע בירגער צו פאראייניגען זיך אונטער דער פאן פון דער סאציאל־דעמאקראטיע פון אמעריקע, אזוי אז מיר זאלען גרייט זיין צו באזיגען דעם קאפיטאליזם דורך אויסנוצען אונזער פאליטישע פרייהייט און דורך איבערנעמען די עפענטליכע מאכט".

די קאנווענשאן האט אויך אנגענומען א גאנצע ריי רעזאלוציעס פאר באלדיגע פאדערונגען. אזוי זיינען ארויסגעשטעלט געווארען די פאלגענדע פאדערונגען:

„1) אלע אינדוסטריען וואס ווערען קאנטראלירט פון מאנאפאליעס און טראסטען זאלען געהערען צום שטאט.

„2) די אייזענבאנען, טעלעגראפען, טעלעפאנען און אלע אנדערע וועגען פון טראנספארטאציע, גאז און עלעקטריק און אלע אנדערע פאבליק יוטיליטיס (געזעלשאפטליכע נוצליכקייטען) זאלען געהערען צום שטאט.

„3) די גאלד, זילבער, בליי, קוילען, אייזען, קוילען מינען זאלען אויך געהערען צום שטאט.

„4) איינפירען א קורצען ארבייטס טאג.

„5) געזעלשאפטליכע ארבייט פאר ארבייטסלאזע.

„6) די ערפינדונגען זאלען זיין פריי און די רעגירונג זאל באצאלען דעם דערפינדער.

„7) שפאר־קאסעס אין דער פאסט.

„8) איניציאטיוו און רעפערענדום און פראפארציאנעלע וואלען".

צו דער ארגאניזאציע פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי פון אמעריקע איז צוגעשטאנען וויקטאר בערגער פון מילוואקי.

וויקטאר בערגער איז געבוירען געווארען אין עסטרייך־אונגארן, דעם 28טען פעברואר 1860. ער האט שטודירט אין די אוניווערזיטעטען פון בודאפעסט און וויען. ער איז געקומען קיין אמעריקע אין די זיבעציגער יארען. פאר א לאנגער צייט איז ער געווען א סקול לערער אין מילוואקי. ער איז געווארען רעדאקטאר פון דער טעגליכער צייטונג „פארווערטס" (דייטש) אין 1892 שפעטער איז ער געווארען רעדאקטאר פון „סאשיאל דעמאקראטיק הערALד", וועלכער איז פארוואנדעלט געווארען אין 1911 אין טעגליכען „מילוואקי לידער". ער איז געווען א מיטגליד פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי. אין 1889 ווען עס איז פארגעקומען די שפאלטונג אין דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי פון דער ראזענבערג בוש פראקציע, האט בערגער געשטיצט דעמאלט די פאפוליסט פארטיי און ווען דעבס האט געגרינדעט די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי האט בערגער זיך גלייך אנגעשלאסען אין דעבס' פארטיי.

כאטשבי וויקטאר בערגער אלס א מארקסיסט האט ניט געהאלטען פון דעבס' אוטאפיסטישע אידעען פון סאציאליסטישע קאלאניעס האט ער אבער געגלויבט, אז די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי וועט גיין אויפן ריכטיגען וועג און דעבס אליין וועט אויך בייטען זיין מיינונג און פארווארפען זיינע אוטאפיסטישע געדאנקען.

אויף דער צווייטער קאנווענשאן פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין יוני 1898, אין שיקאגא, האט זיך אנגעהויבען א קאמף צווישען דעם קאלאניזאציאנס פלאן גרופע און דער מארקסיסטישער פראקציע. דעבס איז איבערגעגאנגען צו דער מארקסיסטישער פראקציע. די קאנווענשאן האט זיך געשפאלטען. די מארקסיסטישע פראקציע האט א נאמען געגעבען די נייע פארטיי: סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי פון אמעריקע און דעבס' ברודער, טעאדאר דעבס, איז דערוויילט געווארען אלס נאציאנאלער סעקרעטאר פון דער נייער פארטיי.

ווען די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי פון אמעריקע האט אפגעהאלטען איר קאנווענשאן אין מארטש 1900 אין אינדיאנאפאליס, איז באריכטעט געווארען, אז די פארטיי האט 226 ברענטשעס (צווייגען) מיט א מיטגלידערשאפט פון קנאפע זעקס טויזענט.

צו דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי פון אמעריקע איז אויך אין א קורצער צייט ארום צוגעשטאנען מאריס הילקוויט.

מאריס הילקוויט איז געבוירען געווארען אין ריגע אין יאר 1870 און איז געקומען אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע ווען ער איז אלט געווען פופצען יאר. ער האט אין אנהויב געארבייט ביי פארשיידענע פאכען און געווען טעטיג אין דער טרייד יוניאן באוועגונג. ער האט אין דער זעלבער צייט שטודירט און געענדיגט אלס אדוואקאט אין 1893, געווען סעקרעטאר פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען. ער האט זיך אנגעשלאסען אין דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי. הילקוויט האט ניט געקענט פארטראגען די סעקטאנטישע האנדלונגען פון דער ס. ל. פ. ארבייטער פארטיי אונטער דעליאן'ס פירערשאפט, און איז געווארען דער פירער פון אן אפאזיציע געגען דעליאן'ען און ווען די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי פון אמעריקע איז געגרינדעט געווארען האט מאריס הילקוויט געזוכט א וועג ווי אזוי צו פאראייניגען די דעליאן'ס אפאזיציע מיט דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי פון אמעריקע. אין אנהויב איז געווען אין די רייען פון דער סאציאל־דעמא־

קראַטישער פּאַרטיי אַ געגנערשאַפט צו פאַראייניגען זיך מיט די סאָציאַליסטען, וואָס זיינען געווען אין דער אָפּאָזיציע צו דעליאָנ'ען. אָבער אין 1900 ווען עס איז פאָרגעקומען דער וואַל־קאַמף פאַר אַ פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי געאַרבייט האַנט אין האַנט מיט די סאָציאַליסטען וואָס זיינען געווען אין דער אָפּאָזיציע צו דעליאָנ'ען. דעבס איז געלאָפען אַלס פּרעזידענט קאַנדידאַט און האָט אין דעם יאָר געקראָגען 96,878 שטימען, בשעת דער פּרעזידענט קאַנדידאַט פון דעליאָנ'ס סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי האָט געקראָגען בלויז אַן ערך פון פיר און דרייסיג טויזענט שטימען.

נאָכדעם ווי דער וואַל־קאַמף פאַר פּרעזידענט איז פאַראיבער האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אָפּגעהאַלטען אַ ספּעציעלע קאַנווענשאַן אין שיקאַגאָ, יאַנואַר דעם 15טען 1901, וואו עס האָבען זיך באַטייליגט 89 דעלעגאַטען, וואָס האָבען פאַרטראַטען ניינצען שטאַטען און עס איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי מיט דער אָפּאָזיציע גרופּע פון דעליאָנ'ען זאָלען זיך פאַראייניגען. די רעזאָלוציע איז איבערגעגעבען געוואָרען צו די מיטגלידער צו שטימען פאַר אָדער געגען. די מיטגלידער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָבען געשטימט פאַר אַ פאַראייניגונג און אַ געמיינזאַמע קאַנווענשאַן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין אינדיאַנאַפּאָליס אין יולי 1901, וואו עס איז געגרינדעט געוואָרען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע.

די ערשטע זאַך וואָס די קאַנווענשאַן פון דער ניי־געבוירענער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט אויפגעטאָן איז געווען אַ רעזאָלוציע וועגען דער שטעלונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו דער טרייד יוניאָן באַוועגונג, וואָס האָט געבראַכט צו פילע שפּאַלטונגען און פּראַקטיצאַנעלע רייבונגען אין דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי.

די רעזאָלוציע וואָס די גרינדונגס קאַנווענשאַן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט אָנגענומען לייענט זיך ווי פאָלגט:

„עס זאָל געגרינדעט ווערען אַ יוניאָן אין יעדען פאַך וואו אַרבייטער זיינען באַשעפטיגט ניט קוקענדיג ווי קליין און ווי קאָנסערוואַטיוו די יוניאָן זאָל ניט זיין, ווייל דאָס שטאַרקט די מאַכט פון דעם אַרבייטער קלאַס.

„אין דעם קלאַסען־קאַמף, וואָס ווערט אַזוי נאָבעל אָנגעפירט פון די טרייד יוניאָן כוחות היינט, וועט די עקספּלואָטאַציע ווערען ווייניגער אָבער ניט אָפּגעשאַפט.

„די עקספּלואָטאַציע פון דעם אַרבייטער־קלאַס קען בלויז אָפּגעשאַפט ווערען ווען די געזעלשאַפט וועט איבערנעמען אַלע פּראָדוקציאָנס מיטלען און פאַרוואַלטען זיי פאַר דעם וואוילזיין פון דעם גאַנצען פאָלק.

„די סאָציאַליסטישע אָדער קאָאָפּעראַטיווע סיסטעם קען צושטאַנד קומען דורך אַ זעלבסטשטענדיגער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע און אַ פאַראייניגטער אַקציע פון דעם אַרבייטער־קלאַס און די אַלע וואָס אָנערקענען און סימפּאַטיזירען מיט דער היסטאָרישער אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט.

„מען דאַרף די מיטגלידער פון די יוניאָנס באַקענען מיט די פּרינציפּען פון סאָציאַליזם און ווענדען זיך צו זיי, אַז זיי זאָלען אַרבייטען און אַנשליסען זיך אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי".

די דעלעגאַטען פון דער גרינדונגס קאַנווענשאַן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקע זיינען געווען אין אַ זייער געהויבענער שטימונג און פאַגאַנדערגעפאָרען אַהיים מיט אַ שטאַרקען גלויבען, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועט ווערען אַ גרויסע און מעכטיגע אַרבייטער־פּאַרטיי.

## ספּעציעלע מאַטינע פאָרשטעלונגען פון „פינס און נידעלס" לינקאָלן און וואַשינגטאָנס בירטהדעי

אונזער אינטערנעשאַנאַל רעוויו „די נייע פינס און נידעלס" וואָס שפּילט אין ווינדזאָר טעאַטער, וועט געבען ספּעציעלע פאָרשטעלונגען אין לינקאָלן און וואַשינגטאָן בירטהדעי, דעם 12טען און 22טען פעברואַר. אין די וואָכען וועלען די געוויינליכע פאָרשטעלונגען וואָס ווערען געגעבען יעדען מיטוואָך ניט געשפּילט ווערען.

# « לידער «

## העי, פּירער...

פון אברהם רייזען

חעי, פּירער! וואָס איז אין דיין לאַנד אַ גערודער?
עס ציטערט אַזש דאָ די נשמה?...
— דאָס שאַרפט מען די שווערדען, אַז ברודער מיט ברודער
זאָל קיינמאָל ניט גיין אין מלחמה...

חעי, פּירער, ווער זיינען די זיכערע, אויבען,
די ברוסט מיט מעדאַלען און צייכען.
— דאָס זיינען די וועכטער, וואָס איך האָב דערהויבען,
כדי גלייכהייט פאַר אַלע צו גרייכען...

חעי, פּירער, וואָס הער איך, ס'שמידען זיך קייטען,
און שרעקען אין לופט ווי ס'וואָלט חיינגען;
— פאַר די וואָס זיי שטערן דעם קאַמף דעם געגרייטען,
די פרייהייט פאַר אַלעמען ברייגגען...



## אין גאַנג פון לעבען

פון איסאַק לעווי

איך זיץ ביי דער אַרבייט, דעם קאָפּ אָנגעבויגען
אַזוי ווי פאַר'משפט — ביים נאָרעל און שער.
די יאָרען פאַרגאַנגען, די כוחות פאַרפלויגען
געבליבען דער אימפּעט, וואָס יאָגט, און ניט מער!...

איך האָב אין מיין לעבען געאַרבייט, געשאַפען
און יאָרען באַזונדער אין מי מיטגעפילט;
געקעמפט פאַר די ברידער, די אָרעמע שקלאַפען,
וואָס האָבען, ווי איך, זייער לעבען פאַרשפּילט.

איך זע ווי פון בוימער די בלעטעלאַך פאַלען, —
דערמאָנט מיך די צייט ווען זיי האָבען געגרינט;
אין פרילינג באַצויבערט פון גאָלדענע שטראַלען —
האָב איך דאַן חלומות פון זיי אויסגעשפּינט...

אַוועק די חלומות — געדויערט אַ ווילע,
עס קומט־אָן די עלטער, פאַרטונקעלט מיין בליק...
פאַרבליבען אָן ענטפער מיין שטענדיגע שאלה:
וואו ערגעץ געפינט זיך דאָס פינטעלע גליק?

נו, זיץ איך איצט עלענד און מיד און צעבראָכען,
ס'האָט קיינער פאַרנומען מיין ציל, מיין באַגער,
די צייט האָט פאַרשלונגען מיין לעבנס בטחון,
און איך בין געבליבען ביי נאָרעל און שער...



## אַדלער איבער גרויסשטאָט

פון נחמיה קליין

„וועלכער ווילדער נעזיטער
האָט דאָ צעשפּליטערט
אַ פעלז אַ גיגאַנט
אויף קליינע קאַנטיגע שטיקער?

וועלכע פלאַמען־הענט
האָבען דאָ אויסגעברענט
רייען גלאַנציגע לעכער
אויף גלייכע, גליטשיגע ווענט?

און הויך איבער דעכער —
זיילן־פיילן!
ריזן־שפּיזן!
לויטערע־גרינע נעצן,
אַ שרעק זיך צו זעצן!

וואָס פאַראַ געשטאַלטען
הימלען עס דאָרט ווי ווערים
אונטען אין די טיפע שפּאַלטען?
ס'רייסען זיך אַרויף געשרייען
ווי פון הונגער־ווייען.
שווערע שניידען דורך די הויכען
אַזש צו מיינע אויערן דערגרייכען!

עס ברענען מיר מיינע בליקען
און עס ברענען מיר מיינע פליגעל
איבער דער ווילדערניש פון שטיין און ציגעל.
כמאַרעס הויבען זיך ווי צום שטיקען
כמאַרעס פון אַ זומפּ אַ פעטע —

נישט דאָ וועלען רוען מיינע פליגעל,
נישט דאָ וועל איך בויען מיין נעסט"...

# פונ'ם אינטערנאציאנאלן ארבייטער־לעבן

פון דר. יוסף קיסמאן.

## פינף מאנאטן אייראפעאישע מלחמה צעטרייסלען די וועלט־ווירטשאפט



'איז מלחמה אין איראפע, ניט אויף א געלעכטער. אמת טאקע, די פרעסע שפייזט אונז ניט מיט איבעריג גרויסע מלחמה־סענסאציעס. אויפן וויכטיקסטן פראנט, ביי די באפעסטיגטע ליניעס צווישען פראנקרייך און דייטשלאנד, שטייען ריזיגע ארמייען איינע געגען דער צווייטער און — ווארטען. אנהויבען די אטאקע גלוסט זיך זיי ביידען ניט. אבער ס'איז פארט מלחמה. די וועלט־ווירטשאפט, וועלכע איז ביז צום מאנאט סעפטעמבער געגאנגען אויף א געוויסען וועג, האט פלוצים געמוזט ארויף אויף נייע רעלסען.

„אינטערנעשאנאל לעיבאר רעוויו" ווייזט אן מיט עטליכע קורצע אנדייטונגען די אורזאכען, וואס מוזען פירען צו גרויסע אומבייטונגען אין דער וועלט־ווירטשאפט. אומגעהויערע מאסען פון מענשליכער ארבייטס־קראפט — זאגט די „רעוויו" — זיינען ארויסגעריסען געווארען פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנדווירטשאפט. גרויסע שטעט, גאנצע מעטראפאלעס, זיינען עוואקואירט געווארען. אלע קוואלען פון פאלקס־רייכטום ווערען פארשלונגען פון דער באוואפענונג־אינדוסטריע. די ארבייטס־צייט איז פארלענגערט געווארען. פרויען, קינדער און אלטע לייט זיינען מאסענהאפט אריינגעצויגען געווארען אין ארבייטס־פראצעס פון דער אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט און האנדעל. גרענעצען זיינען פארמאכט געווארען. אן עקאנאמישע בלאקאדע איז פראקלאמירט געווארען. די פראדוקציע ווערט קאנטראלירט פון רעגירונגען, אימפארט און עקספארט ווערען באגרענעצט.

אזוי שאפען זיך נייע פראבלעמען און א שיעור פאר יעדען לאנד. מיט א באזונדערער שארפקייט שטעלען זיך די דאזיגע עקאנאמישע פראבלעמען אין די דעמאקראטישע לענדער, אין ענגלאנד און פראנקרייך, וועלכע מוזען פארקירעווען זייער פאלקס־ווירטשאפט פון דער פרידענס־ווירטשאפט אויף מלחמה־ווירטשאפט, בשעת אין דייטשלאנד הערשען די באדינגונגען פון מלחמה־ווירטשאפט אייגענטליך שוין פון זינט די נאציס זיינען דארט געקומען צו דער מאכט.

ביז איצט איז, פארשטייט זיך, נאך ניט פאראן קיין קלאר בילד, מיט ציפערען און פאקטען, וועגען די אומבייטונגען, וואס קומען היינט פאר אויף דער וועלט, אבער ס'איז אלענפאלס קלאר, אז די צעטרייסלונג פון דער וועלט־ווירטשאפט איז א גאנץ באדייטענדע און די ווירקונג אירע וועט זיין א גאנץ טיפע פאר יארען און יארען נאך דער מלחמה, ווייל נייע אינדוסטריען אנטשטייען אין לענדער, אין וועלכע זיי זיינען ביז איצט פרעמד געווען — אינדוסטריען, וואס ארבייטען פאר די ספעציעלע באדערפענישען פון די מלחמה־לענדער אדער פאר פלעצער, וואס זיינען אפגעשניטען געווארען פון זייערע אלטע אימפארט־צענטערען דורך די מלחמה־געשעענישען. אין איצטיגען מאמענט ראנגלען זיך די מלחמה־לענדער מיט די פראבלעמען פון דער מלחמה־ווירטשאפט. ווי באלד עס וועט זיך פארענדיגען די מלחמה, וועלען זיי שטיין פאר נאך שווערערע עקאנאמישע פראבלעמען. עס וועט זיין אן אנדערע ווירטשאפטליכע וועלט.

### מענשליכע ארבייט, דער ערשטער מלחמה־קרבן

אויב דער לייענער פון מלחמה־באריכטען אין די צייטונגען פארלירט שוין די געדולד ווארטענדיג אויף באריכטען פון גראנדיעזע זיגען און מורא'דיגע מפלות, מיט טויזענטער געפאלענע און צענדליג טויזענטער צעקאליעטשעטע מענשליכע קרבנות, אנטפלעקט זיך אבער דעם אויפמערקזאמען לייענער פון דער אייראפעאישער פרעסע, אויף א דראסטישען אופן, א ווילדער חורבן, וואס איז געמאכט געווארען אין אלע לענדער אויפן געביט פון סאציאלער פאליטיק. מענשליכע ארבייט איז געפאלען דער ערשטער קרבן פון דער אייראפעאישער מלחמות. אין אלע מלחמה־לענדער ווערט פארשקלאפט די בלוטיגע פראצע פון מיליאנען ארבייטס־מענשען אין דינסט פון דער מלחמות. ארבייט אן א שיעור פאדערט די מלחמות; פראפיטען אן א גרענעץ, זוכן די קאפיטאליסטן — אין די אינטערעסן פון פאטערלאנד, פאר־שפיילט זיך.

מילא, פון די טאטאליטארישע מלוכות איז ניטא וואס צו רעדען. דארט זיינען די ארבייטער פארשקלאפט געווען פאר דער מלחמה אויך און, אויף וויפיל דאס איז נאר מעגליך געווען, האט מען די קנעכטשאפט פארשארפט נאכן מלחמה־אויסברוך. אבער אויך אין ענגלאנד און אין פראנקרייך האבען זיך די רעגירונגען ניט לאנג פארטראכט און ארויפגעלייגט די שווערסטע משא פון דער מלחמה אויף די ארבייטער. אין ענגלאנד ווערט לכל הפחות רעספעקטירט די דעמאקראטישע פארם, אין פראנקרייך האט אבער די דאלאדיע־רעגירונג מיט אן אייזערנער פויסט ליקווידירט אלע דערגרייכונגען פון דער ארבייטערשאפט אונטער דער רעגירונג פון לעאן בלום און פראקלאמירט א פאקטישע דיקטאטור איבער דער ארבייטערשאפט. שטעלען א ווידערשטאנד, איז אוממעגליך. די פראנצויזישע ארבעטער־פרעסע איז פול מיט ווייסע צענזור־פלעקען און — סטרייקען, ווערט באשטראפט אזוי ווי מלוכה־פארראט.

ס'איז מלחמה. פיינטליכע עראפלאנען ווארפען באמבעס אויף א פרידליכער באפעלקערונג, „פריינטליכע" רעגירונגען האגלען מיט ארבייטס־דעקרעטען איבער דער היימישער ארבייטערשאפט. א פאליטישער און עקאנאמישער „בלעק־אוט" האט ארומגעכאפט אייראפע.

### יקרות שטייגט, לוין איז אימאביליזירט — אין פראנקרייך

די גרויסע צאל ארבייטס־דעקרעטען, וואס זיינען ארויסגעגאנגען אין פראנקרייך פון זינט די מלחמה איז אויסגעבראכען, שטעלט מיט זיך פאר א נייע ארבייטס־געזעצגעבונג, א העכסט אינטערעסאנטע פאר יוריסטען און סאציאל־פאליטיקער און — א פיינליך פילבארע פאר די ארבייטער. ס'וועט אינטערעסאנט זיין פאר די לייענער, זיך צו דערוויסען איניגע פרטים פון דעם נייעם ארבייטס־רעזשים אין פראנקרייך.

אין פראנקרייך, אזוי ווי אין אלע מלחמה־לענדער, זיינען די פרייזען פון די לעבענסמיטלען זייער שטארק געשטיגען און האלטען אין איין שטייגען. קומט א דעקרעט פון דער רעגירונג און פארווערט ניט בלויז דעם קאמף פאר העכערע לוינען, נאר עס ווערט אויך געזעצליך אוועקגעשטעלט דער לוין אויף א פעסטען פונקט. אין דער מלחמה־אינדוסטריע, באשטימט א דעקרעט, בלייבט דער לוין שטיין אויף דעם זעלבען פונקט, אויף וועלכען ער האט זיך געפונען דעם 1טען סעפטעמבער 1939. אן ענדערונג קען געמאכט ווערען נאר פונם ארבייטס־מיניסטער. דער באגריף פון מלחמה־אינדוסטריע איז זייער א ווייטער, ווייל יעדע אינדוסטריע האט דאך א נעענטערע אדער ווייטערע שייכות מיט דער מלחמה, איז אויב מען וויל נאר, קען מען יעדע אינדוסטריע דערקלערען פאר א מלחמה־אינדוסטריע.

פאראן פונדעסטוועגען א סעקטאר פון פרייער אינדוסטריע, וואס איז ביז היינט נאך ניט געשטעלט געווארען אונטערן רעזשים פון מלחמה־אינדוסטריע. האט א דעקרעט באשטימט, אז אין דעם דאזיגען אינדוסטריע־סעקטאר בלייבען אין קראפט די קאלעקטיווע ארבייטס־אפמאכען צווישען ארבייטער און מאנופעקטשורערס, פאר דער גאנצער צייט פון מלחמה. אויב איין צד וויל ענדערען באדינגונגען פון דעם אפמאך, מוז וועגען דער פראגע אנטשיידען א קאמיסיע פון פיר פערזאן, וואס ווערט באשטימט פאר דעם דאזיגען צוועק פון דער רעגירונג. ווען די קאמיסיע וואלט צוזאמענגעשטעלט געווארען פון פארטרעטער פון די יוניאנס און פון די אינדוסטריעלע ארגאניזאציעס, מיט א גלייכער צאל רעפרעזענטאנטען, וואלטען די ארבייטער נאך געקענט רעכענען דערמיט, אז זייערע אינטרעסען ווערען אפגעהיט. דאס איז אבער גלאט א רעגירונגס־קאמיסיע און אזוי ווי אירע באשלוסען אין דער פראגע פון ארבייטס־לוין און שטונדען דארפען באשטעטיגט ווערען פון דער רעגירונג, מיינט דאס, אז אויך אין סעקטאר פון פרייער אינדוסטריע דיקטירט די רעגירונג אלע באדינגונגען און די ארבייטער דארפען פאלגען.

ווייזט אויס, אז די דאלאדיע־רעגירונג האט זיך אפגעלערענט פונם נאצישען ארבייטס־דינסט מער ווי עס איז געזונט פאר דער פראנצויזישער דעמאקראטיע.

### פארלענגערטע ארבייט־שטונדען, געהעכערטע לוין־שטייערן

פון דער 40־שעה'דיגער ארבייטס־וואך, וועלכע איז געזעצליך איינגעפירט געווארען פון דער רעגירונג פון לעאן בלום, איז די איצטיגע רעגירונג פון פראנקרייך דערגאנגען ביז צו א צוויי־און־זיבעציג שעה ארבייט. נאר פאר פרויען און קינדער איז באשטימט געווארען א מאקסימאלע גרענעץ פון 60 שעה א וואך.

דער לוין באטרעפט איצט: פאר די ערשטע 45 שעה אין דורכשניט אזוי פיל ווי פריער פאר 40 שעה און ערשט פון 45 שעה ווייטער ווערט געצאלט פאר „אווער־טאים". פונם לוין מוזען די ארבייטער צאלען הויכע שטייערען פארן אזוי גערופענעם „סאלידאריטעט־פאנד" (הילף פאר די פאמיליעס פון די מאביליזירטע). די דאזיגע שטייערען באטרעפען ביי אווערטאים א גאנצן דריט־חלק פון דעם ארבייטער'ס פארדינסט. א גרויסען שטייער מוזען צאלען ארבייטער, וועלכע געפינען זיך אין מיליטערישען עלטער און זיינען צוליב פארשידענע אורזאכען ניט מאביליזירט געווארן. זיי צאלען 15 פראצענט פון זייער לוין.

### אלץ פארגעסען, גאר ניט געלערנט

דער פירער פון די פראנצויזישע יוניאנס, לעאן זשוא, שטעלט פעסט אין יוניאן־ארגאן „לע פעפל", אז די מיטלען, וועלכע די רעגירונג ווענדט אן, צו העכערען די נאציאנאלע פראדוקציע, קענען ניט פירען צו קיין גוטע רעזולטאטען. ער דערמאנט, אז מיט די אייגענע פראבלעמען ווי היינט האט זיך געראנגלט די פראנצויזישע רעגירונג אין דער גרויסער וועלט־מלחמה אויך. דעמאלט האט מען אויך פארלענגערט די ארבייטס־צייט. אבער די ווירקונג איז געווען אקוראט א פארקערטע. ווען דער סאציאליסט אלבערט טאמא איז געווארען מיניסטער פאר אמוניציע, אין דער גרויסער וועלט־מלחמה, האט ער תיכף פארקירצט די ארבייטס־צייט און אפגעשאפט אינגאנצען די אווערטאים־ארבייט — ניט בלויז אין די אינטערעסען פון די ארבייטער, נאר קודם כל טאקע אין די אינטערעסען פון א געהעכערטער פראדוקציע.

ענליך איז געווען דעמאלט אין ענגלאנד אויך. מען האט דארט באשטימט א קאמיסיע, אויסצופארשען די לאגע פון דער פראדוקציע און די באריכטען פון יענער קאמיסיע זיינען גילטיג פאר דער היינטיגער סיטואציע אויך. עס ווערט פעסטגעשטעלט אין יענע באריכטען, אז די פארלענגערונג פון דער ארבייטס־צייט גראבט ניט בלויז אונטער דאס געזונט פון דער ארבייטערשאפט, נאר זי רופט ארויס אוממיטעלבארע שעדליכע ווירקונגען אויפן ארבייטס־פראצעס גופא. די ארבייטער ווערען שנעלער אויסגעמאטערט פון דער ארבייט, עס פארקלענערט זיך דער ארבייטס־רעזולטאט פון יעדען ארבייטער, אויסגערעכענט פאר יעדער ארבייטס־שעה, ארבייטער ווערען אפטער קראנק פון דער ארבייט און די ארבייט ווערט אזוי ארום דיסארגאניזירט.

די דאזיגע באריכטען פון דער ענגלישער אויספארשונגס־קאמיסיע האבען דעמאלט געבראכט דערצו, אז ס'איז איינגעפירט געווארען דער 8־שעה'דיגער ארבייטס־טאג. און אויב מען איז צוגעטראטען באלד נאך דער גרויסער וועלט־מלחמה צו דער אינטערנאציאנאלער געזעצליכער איינפירונג פונם 8־שעה'דיגען ארבייטס־טאג איבער דער וועלט, האט דאס די ארבייטערשאפט צו פארדאנקען אין א גרויסער מאס די געמאכטע דערפארונגען פון דער מלחמה־צייט. די ארבייטער־פיינטליכע דאלאדיע־רעגירונג האט אלע געמאכטע ערפארונגען פארגעסען און ניט געלערנט גאר ניט.

### צוויי וויכטיגע דערגרייכונגען אין פראנצויזישען ארבייטס־רעכט

אין צוויי פונקטען האבען די פראנצויזישע יוניאנס פארט דורכגעזעצט וויכטיגע דערגרייכונגען אין די אינטערעסען פון די ארבייטער:

אויב עס עקזיסטירט א קאלעקטיווער אפמאך אין א געוויסען צווייג פון דער אינדוסטריע, וועלכער איז ניט אנגענומען געווארען פון אלע מאנופעקטשורערס, דינגט פון איצט אן אויך אלע איבעריגע מאנופעקטשורערס אונטערגעווארפען די באדינגונגען פונם קאלעקטיווען אפמאך. די דאזיגע געזעצליכע רעגולאציע איז נייטיג גע־

וואָרען, ספּעציעל צוליב דעם, ווייל אין אינדוסטריע־צווייגען, אין וועלכע עס האָבען עקזיסטירט „קלאָזד" און „אָפּען" שעפּער צוזאַמען, האָבען די מאַנופעקטשורערס אָנגעהויבען אויסנוצען די אָפּגעשוואַכטע קאַמף־פעהיגקייט פון די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס, כדי זיך אינגאַנצען אָפּצוטרייסלען פון די קאָלעקטיווע אָפּמאַכען. איצט זיינען די „אָפּען" שעפּער געזעצליך באַזייטיגט געוואָרען. אויב ס'עקזיסטירט אַ קאָלעקטיווער אָפּמאַך, איז ער חל אויף דער גאַנצער אינדוסטריע, אָן אַ חילוק, צי דער מאַנופעקטשורער האָט יאָ צי ניט אונטערגעשריבען דעם אָפּמאַך.

אַ צווייטער פונקט, וועלכען די יוניאָנס האָבען געוואונען, איז ביים באַשטימען דעלעגאַטען פון דער אַרבייטערשאַפט. די „דעלעגאַטען" אין די פראַנצויזישע פאַבריקען זיינען פאַרטרויענס־מענשען פון דער אַרבייטערשאַפט און האָבען ענליכע פונקציעס ווי אין אַמעריקע די שאַפּ־טשערליט. ביז צו דער מלחמה פלעגען די דעלעגאַטען געוויילט ווערען פון אַלע אַרבייטער, אָרגאַניזירטע און אומאָרגאַניזירטע. אַזוי ווי קיין וואַלען זיינען ביי די איצטיגע באַדינגונגען ניט מעגליך, האָט אַ דעקרעט באַשטימט, אַז די יוניאָן איז באַרעכטיגט צו נאָמינירען די דעלעגאַטען.

### וואו נעמט מען צוויי מיט אַ האַלב ביליאָן פונט סטערלינג?

איבער אַט דער פראַגע ברעכען זיך איצט די קעפּ ענגלישע עקאָנאָמיסטען און רעגירונגסליט. ניט ווייניגער ווי צוויי מיט אַ האַלב ביליאָן פונט (קאַרגע 10 ביליאָן דאָלאַר) מוזען געשאַפען ווערען פאַר דער מלחמה־מאַשינעריע. פון וואַנען נעמט מען דאָס געלט? די דאָזיגע פראַגע מיינט: ווי אַזוי זאָל פאַרטיילט ווערען אַט די ריזיגע סומע צווישען די סאָציאַלע קלאַסען פון ענגלאַנד? מען רעדט אַרום די פראַגע אין דער פרעסע, מען פּלפּול'ט זיך אין וויסענשאַפטליכע זשורנאַלען און שטילערהייט קומט פאַר אַ פאַרביסענער קאַמף.

די קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיסטען טענה'ען, אַז העכערען די „דירעקטע" שטייערען איז ניט מעגליך, ד. ה. לויט זייער מיינונג טאָר מען ניט העכערען די שטייערען, וועלכע עס דאַרפען צאָלען די קאַפּיטאַליסטען. במילא איז דערפון געדרונגען, אַז די שטייערען זאָלען אַרויפגעלייגט ווערען אויף די אַרבייטענדיגע שיכטען פון פאָלק. דער לאָנדאָנער זשורנאַל „לעיבאָר רעסוירטש" ווייזט אָן, אַז ווען מען וואָלט אַרויפגעלייגט נאָר 20 פּראָצענט פון דער נויטיגער סומע אויף די אַרבייטער, וואָלט דאָס אַרויסגערופען אַ צוריקגאַנג פון זייער לעבענס־סטאַנדאַרד מיט 25 פּראָצענט: די טאָטאַלע סומע, וואָס ווערט אויסגעצאָלט אַ יאָר אויף לוין אין ענגלאַנד, באַטרעפט 2 ביליאָן פונט. ווען די אַרבייטער וואָלטען געצוואונגען געוואָרען אָוועקצוצאָלען פון זייער לוין 500 מיליאָן פונט אין דער רעגירונגס־קאַסע, וואָלטען די זייערע לעבענס־באַדערפענישען געמוזט רעדוצירען אויף דריי־פערטעל־חלק און דערפון וואָלט די פאָלקס־ווירטשאַפט געוויס ניט קיין נחת געהאַט.

אַ באַוואוסטער עקאָנאָמיסט איז אַרויסגעקומען מיט אַ פאָרשלאַג, אַז אַ געוויסער פּראָצענט פונם אַרבייטס־לוין זאָל באַצאָלט ווערען מיט „סעיווינגס־באָנדס" און די מלוכה זאָל אויף אַזאַ אופן מאַכען אַ צוואַנגס־הלואה ביי די אַרבייטער. איז אָבער דער חסרון, וואָס היינטיגע צייטען ווייסען אַלע דעם ווערט פון אַזעלכע געצוואונגענע הלואות.

הכלל, עס בלייבט די פראַגע, וואו נעמט מען צוויי מיט אַ האַלב ביליאָן פונט?! און ווען מען וועט האָבען פאַרענטפערט די פראַגע, וועט מען זי מוזען שטעלען אויפס ניי, ווייל מען איז נאָך לאַנג ניט פאַרטיג...

### די „אַדווייזאָרי־קאָמיטעס" אין ענגלאַנד ביי דער אַרבייט

מיר האָבען שוין איבערגעגעבען אין אַ פריערדיגען נומער פון „גערעכטיגקייט", אַז אין ענגלאַנד איז געשאַפען געוואָרען אַ „דזשאָינט קאָונסיל" מיט אַ גלייכער צאָל פאַרטרעטער פון די טרייד־יוניאָנס און פון דער „בריטיש עמפּלאָיערס קאָנפעדערייש(אָ)ן", וועלכער דאַרף געבען דעם אַרבייטס־מיניסטער אַדווייזונגען אין אַלע פראַגען פון דער נאַציאָנאַלער פּראָדוקציע.

לויט דעם זעלבען פּרינציפּ זיינען איצט אויך געשאַפען געוואָרען „אַדווייזאָרי־קאָמיטעס" פאַר אַלע דיסטריקטען, מיט אַ גלייכער צאָל פאַרטרעטער פון די יוניאָנס און פון די אַרבייט־געבער, וועלכע דאַרפען שטיין אין דער ענגסטער פאַרבינדונג מיט די איינצעלנע דעפּאַרטמענטען פון דער רעגירונג און פאַרזיכערען דעם גאַנג פון דער פּראָדוקציע.

אין אַ ספּעציעלער פאַראָרדנונג, וועלכע די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבען, ווערט אונטערגעשטראָכען, אַז די איינצעלנע צווייגען פון דער אַדמיניסטראַציע מוזען זוכען די ענגסטע קאָאָפּעראַציע מיט די טרייד־יוניאָנס.

ווי מען זעט, הערשט אין ענגלאַנד אַ גאַנץ אַנדערער גייסט ווי אין פראַנקרייך.

### פרייזען און לוינען אין ענגלאַנד

ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, זיינען די פרייזען פון די וויכטיגסטע לעבענסמיטלען אין ענגלאַנד געווען מיט 55 פּראָצענט העכער ווי אין יולי 1914, ד. ה. אין דער צייט, ווען ס'איז אויסגעבראָכען די ערשטע וועלט־מלחמה. נאָך צוויי חדשים מלחמה זיינען די פרייזען אַרויפגעשטיגען אויף 69 פּראָצענט איבער דער ליניע פון יולי 1914, ד. ה. אַז די פרייזען זיינען אין די ערשטע צוויי מלחמה־חדשים געשטיגען מיט 14 פּראָצענט.

אין דער אייגענער צייט איז דער אַרבייטס־לוין געשטיגען. ניט אין אַלע צווייגען פון דער פּראָדוקציע איז דער לוין גלייך געוואַקסען און זעלטען ווען האָט די העכערונג טאַקע דערגרייכט די געהעכערטע לעבענס־מיטעל־פרייזען, אָבער ער איז פאָרט געשטיגען. גרויסע לוין־העכערונגען האָבען דערגרייכט די פאַרם־אַרבייטער, וועלכע פאַרמאָגען אין ענגלאַנד זייער אַ שטאַרקע יוניאָן, אויך די טעקסטיל־אַרבייטער האָבען באַקומען געהעכערטע לוינען מיט 12 אַ האַלב פּראָצענט, די „נעשאַנאַל יוניאָן אָוו גאַרמענט וואָרקערס" האָט דערגרייכט אַ לוין־העכערונג פון 10 פּראָצענט.

### ערשטער מיטינג פונ'ם ענגליש־פראַנצויזישען יוניאָן־קאָמיטעט

מיר האָבען שוין איבערגעגעבען אונזערע לעזער, אַז דער בריטישער טרייד־יוניאָן קאָונסיל האָט זיך געווענדעט צו די פראַנצויזישע יוניאָנס (גענעראַל־קאָנפעדעראַציע פון אַרבייט) מיט'ן פאָרשלאַג, צו שאַפען אַ געמיינזאַמען קאָמיטעט פאַר ענגער צוזאַמענאַרבייט אין אַלע יוניאָן־פראַגען פון ביידע לענדער. די פראַנצויזישע יוניאָנס האָבען אָנגענומען דעם פאָרשלאַג מיט באַגייסטערונג און איצט איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער ערשטער מיטינג פון דעמדאָזיקען קאָמיטעט. די וויכטיגסטע פירערס פון דער יוניאָן־באַוועגונג אין ביידע לענדער — ווי סער וואַלטער סיטרין פון ענגלאַנד און לעאָן זשוהאָ פון פראַנקרייך — באַלאַנגען צו דעם געמיינזאַמען קאָמיטעט, אויך דער גענעראַל־סעקרעטאַר פונ'ם טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל שעוועניעלס גייט אַריין אין קאָמיטעט. זיי אַלע האָבען זיך באַטייליקט אין דעם ערשטען מיטינג, די זיבען ענגלישע דעלעגאַטען אַלס געסט און די גאַנצע פאַרוואַלטונג פון דער פראַנצויזישער גענעראַל־קאָנפעדעראַציע פון אַרבייט אַלס גאַסט־געבער.

אויפ'ן ערשטען מיטינג איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען די פאַרשידענאַרטיגקייט פון דער אַרבייטער לאַגע אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך, אונטער'ן רעזשים פון מלחמה־געזעצגעבונג: אין פראַנקרייך די משונה'דיקע פאַרלענגערונג פון דער אַרבייטסצייט, אימאָביליזאַציע פון לוין, קיין שום פאַרטרעטונג פון יוניאָנס און מלוכה'שע דעפּאַרטמענטען — אין ענגלאַנד אַ דעמאָקראַטישע קאָאָפּעראַציע מיט די יוניאָנס מיט אָפיציעלע רעפּרעזענטאַנטען אין אַלע מלוכה'שע קערפּערשאַפטען און — אַ באַגרענעצונג פון דער באַוועגונגס־פרייהייט נאָר אויף אַזוי ווייט ווי דאָס איז אומבאַדינגט נויטיק.

דער מיטינג האָט זיך פאַרנומען מיט אַ גאַנצער ריי פראַגען, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מלחמה־פּראָדוקציע אין ענגלאַנד און פראַנקרייך. די אַרבייטס־פּראָבלעמען זיינען אין ביידע לענדער שטאַרק פאַרשידען, סיי וואָס ס'איז שייך די פראַגע פון רויע שטאָפען פאַר דער באַוואָפענונג־אינדוסטריע, סיי וואָס ס'איז שייך די פאַרזאָרגונג מיט שפּייז־פּראָדוקטען. אָבער גראָד צוליב דעם מוז די אָרגאַניזירטע אַרבייט פון ביידע לענדער זוכען מיטלען און אָנווייזען די רעגירונגען אין ביידע לענדער די וועגען, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירען די פּראָדוקציע אויפ'ן בעסטען אופן, אַז עס זאָל דערגרייכט ווערען דער איינער הויכער ציל, וועלכער איז הייליק דער אַרבייטער־באַוועגונג פון ביידע לענדער — דער זיג איבער די באַרבאַרישע דיקטאַטורען אין אייראָפּע. און אין דערזעלבער צייט מוז די יוניאָן־באַוועגונג פון ביידע לענדער וואַכען איבער די אַרבייטער־אינטערעסען, וועלכע די קאַפּיטאַליסטען זיינען גרייט מקריב צו זיין אין פייער פון דער מלחמה.

אין דעם געמיינזאַמען קאָמיטעט איז די יוניאָן־באַוועגונג פון ביידע לענדער פאַרטרעטען דורך 7 דעלעגאַטען פון יעדען לאַנד. מיטינגען וועלען פאָרקומען איין מאָל אין חודש, יעדעס מאָל אין אַן אַנדערער הויפּטשטאָט, פּאַריז און לאָנדאָן.

### פינלאַנדס וואונדערליכער עקאָנאָמישער אויפשטייג

די פינלענדער זיינען נישט בלויז העלדישע קעמפער ביי דער פאַרטיידיגונג פון זייער לאַנד. זיי האָבען באַוויזען וואונדער אויך אויפ'ן געביט פון זייער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט. אין משך פון די 20 יאָר, וואָס פינלאַנד איז אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, האָבען זיי באַשאַפען אַ בליענדיגע נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט.

די גאַנצע צייט פון דער רוסישער ממשלה איז די פּראָדוקציע פון געהילץ געווען כמעט דער איינציגער הכנסה־קוואַל פון דער באַפעלקערונג. נאָכדעם ווי פינלאַנד איז געוואָרען אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, האָט זי דורכגעפירט אַן אַגראַרישע רעפאָרם, אַוועקגענומען לאַנד פון די גרויסע פריצים און פאַנאַנדערגעטיילט צווישען די פויערים. די ווירקונג פון דער דאָזיגער רעפאָרם איז געווען, אַז דער שטח ערד, וואָס איז פאַרזייט מיט פּרוכט, איז אויסגעוואַקסען מיט גאַנצע 25 פּראָצענט. די רייכע וועלדער זיינען היינט אויך דער וויכטיגסטער הכנסה־קוואַל פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט, אָבער אין דער אייגענער צייט איז אויסגעוואַקסען די לאַנד־ווירטשאַפט ממש צו אַן אומגלויבליכער הויך. אַט עטלאַכע ציפערן: ווייץ איז אין דעם קאַלטען קלימאַט פון פינלאַנד זייער ווייניק געוואַקסען, אין דער צאַרישער צייט איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען אין דורכשניט ביי 60 טויזענט צענטנער אַ יאָר. איצטער 2 מיליאָן! קאַרטאָפעל וואַקסען איצט דריי מאָל אַזוי פיל ווי פריער. דאָס אייגענע איז מיט דער פּראָדוקציע פון פוטער: פריער אַריבער 10 טויזנט טאָן אַ יאָר, איצט ביי 30 טויזנט טאָן; די קעז־פּראָדוקציע איז כמעט פינף־פאַכיג אויסגעוואַקסען: פון 2 טויזענט טאָן אויף 9 טויזענט 500 טאָן. אויך די עופות־פּראָדוקציע איז פינף־פאַכיק פאַרגרעסערט געוואָרען: פון 3 טויזענט 700 טאָן אַ יאָר אויף 17 טויזענט 600 טאָן אַ יאָר. אין געהילץ (לאַמבער) איז די קליינע פינלאַנד דאָס ערשטע עקספּאָרט־לאַנד אויף דער וועלט; אין פּאַפּיר — דאָס דריט־גרעסטע עקספּאָרט־לאַנד.

אַ לאַנד פון פלייסיגע אַרבייטער און פויערים, מיט אַ בליענדיגער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט, ווערט פאַרניכטעט פון סטאַלינ'ס רויב־אָנפאַל.

### פון דייטשלאַנד — ניטאָ קיין נייעס.

אַלץ איז רואיג אין דייטשלאַנד. קיין נייעס דרינגען נישט אַרויס אין דער וועלט. דער „פירער" דיקטירט און דאָס פאָלק איז „געהאָרכזאַם". די האַרמאָניע פון נאַצישער פאָלקסבאַגליקעריי ווערט נישט געשטערט. שטיל ווי אויף אַ בית־עולם.

מער נישט, פון צייט צו צייט הערט זיך פאָרט עפּעס אַ קלייניגקייט, וואָס ווייזט, אַז ס'איז נישט איבעריג פריילאַך אין נאַצי־לאַנד.

אַט הערט מען פון ווין, אַז דאָס טראַנספּאָרט־וועזען איז דעזאָרגאַניזירט. „יעדן מיטוואָך און דאָנערשטאָג" קומען פאָר אייזענבאַן־אומגליקען. אין דער לאָקאָמאָטיווען פאַבריק פונ'ם ווינער אינדוסטריע־באַצירק פלאָריסדאָרף אַרבייטען עטלאַכע הונדערט פרויען ביי די שווערסטע אַרבייטען, זיי האַמערען אייזען ביי אוממענשלאַכער היץ פאַר אַן אמת'ן שקלאַפן־לוין און עס קומט אָפט צו אויסברוכען פון אומצופרידענהייט.

מיט שפּייז איז גאָר אַ צרה איבער אַלע טיילען פון לאַנד. די רייכע העלפען זיך נאָך ווי עס איז, עס הערשט אַ גרויסע קאָרופּציע צווישען די גרויסע און קליינע דיקטאַטאָרס, וואָס האָבען צו טאָן מיט דער שפּייז־פאַרזאָרגונג. אָבער די אַרבייטער און בכלל די אָרעמע באַפעלקערונג הונגערט פשוט.

די אינטערנאַציאָנאַלע פעדעראַציע פון די באַרג־אַרבייטער (מיינערס) האָט באַקומען צוגעשיקט אַ בריוו פון אַ גרופּע קוילענגרעבער אין דייטשען רוהר־געביט. די בריוו־שרייבער זאָגען, אַז זיי דריקען אויס די מיינונג פון אַלע קאַמעראַדען באַרג־אַרבייטער, וואָס האָבען נישט קיין מעגלאַכקייט אַרויסצורעדען אַ וואָרט. „היטלער האָט אונז גערויבט די יוניאָנס — ווערט געזאָגט אין דעם בריוו — און אונז געמאַכט פאַר שקלאַפען פון זיין מלחמה־מאַשינערי. דער דייטשער פאַשיזם איז אָנגעפאַלען אויף פרעמדע לענדער, כדי נייע אַרבייטער־מאַסען צו פאַרשקלאַפען אַזוי ווי ער האָט אונז פאַרשקלאַפט. היטלער איז דער שולדיקער אין דער איצטיקער מלחמה. פראַנקרייך און ענגלאַנד קעמפען פאַר אַ פרייער אייראָפּע. היטלער מוז פאַרניכטעט ווערען, כדי אין אייראָפּע זאָל ווידער מעגלאַך ווערען סאָציאַלער פּראָגרעס. מיר באַטראַכטען זיך פאַר טיילנעמער אין דער מלחמה קעגען דייטשען פאַשיזם, וואָס האָט אונטערגעצונדען די וועלט. מיר בעטען די אינטערנאַציאָנאַלע פעדעראַציע פון די באַרג־אַרבייטער, אַז זי זאָל האָבען דעם פולסטען צוטרוי צו אונז."

# אין דער אַמעריקאַנער־אַרבעטער באַוועגונג

(איבערזיכט)
פון ש. פ.



ער קאַמף פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער פאַר יוניאָן אַנערקענונג און פאַרבעסערונגען האָט זיך דורך דעם פאַרגאַנגענעם חודש מער אָפּגעשפּיגעלט די געריכטען און רעגירונג־אינסטיטוציעס, ווי אויפן פּיקעט ליין. די אויפמערקזאַמקייט פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער איז קאָנצענטרירט געוואָרען הויפּטזעכליך אויף די באַריכטען, אַנטשיידונגען און פאַרהערען פאַר די קאָנגרעס־קאָמיטעס פון און וועגען די טעטיגקייטען און דערגרייכונגען פון דער נעשאַנאַל לייבאָר רילײשאָנס באָארד און די שטונדען־שכירות אַדמיניסטראַציע.

די באַריכטען פון די צוויי קאָמיסיעס וואָס זיינען דעם מאָנאַט פאַרעפענטליכט געוואָרען זיינען אויסערגעוויינליך אינטערעסאַנט און באַלערנד. אין דעם יערליכען באַריכט וואָס דער טשערמאַן פון דער נעשאַנאַל לייבאָר רילײשאָנס באָארד, דזש. וואָרען מעדען, האָט פאַרעפענטליכט ווייזט ער אָן, אַז די צאָל סטרייקס פאַר יוניאָן־אַנערקענונג האָט זיך דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר שטאַרק פאַרקלענערט אין פאַרגלייך מיט אַזוינע סטרייקס אין די פריהערדיגע יאָרען. אַנשטאָט אַרויסגיין אין סטרייק האָבען די אַרבעטער אין אַזוינע סכסוכים זיך בעסער געווענדעט צו דער לייבאָר באָארד און דאָרט איז עס געשליכטעט געוואָרען. לויט מעדען׳ס באַריכט, האָט די לייבאָר באָארד אויפגענומען דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר 6,569 אַזעלכע סכסוכים אין וועלכע עס זיינען געווען פאַרוויקעלט איבער אַ מיליאָן אַרבעטער. פינף זעקסטעל פון די אַלע קעיסעס זיינען געשליכטעט געוואָרען, צוריקגעצויגען געוואָרען פון די אַרבעטער אָדער צוריקגעוויזען געוואָרען פון דער לעיבאָר באָארד דורך אומאָפיציעלע קאָנפערענצען פון בײדע צדדים. בלויז אין איין זעקסטעל פון די סכסוכים האָט זיך געפאָדערט פאָרמעלע אַנטשיידונגען פון דער לייבאָר־באָארד. אַ האַלבער מיליאָן אַרבעטער האָבען דורך דעם יאָר ערוויילט פאָרטרעטער דורך אָפּשטימונגען אונטער דער אויפזיכט פון דער באָארד אָדער זייערע פּעטיציעס זיינען צוריקגעצויגען אָדער צוריקגעוויזען געוואָרען ווייל עס איז ניט געווען גענוג גרונד פאַר דער באָארד זיך אַריינצומישען. טשערמאַן מעדען איז זייער אָפּטימיסטיש אין זיין באַריכט וועגען די אויסזיכטען פאַר דער צוקונפט. ער גלויבט, אַז דער געביט פון שטרייטיגקייטען און סטרייקס ווערט דורך דעם לייבאָר רילײשאָנס געזעץ אַלץ שמעלער און ווערט וואָס ווייטער אַלץ זעלטענער.

פונקט אַזאַ אָפּטימיסטישען באַריכט האָט דעם מאָנאַט פאַרעפענטליכט די אַדמיניסטראַטיווע קערפּערשאַפט פון דעם שטונדען־שכירות געזעץ. דער באַריכט באַהויפּטעט, אַז די איינפירונג אין לעבען די מאַקסימום שטונדען און מינימום שכירות וואָס דאָס געזעץ שרייבט פאָר, איז דורכגעגאַנגען אין דער בעסטער אָרדנונג און אָן וועלכע אונטערברעכונגען פאַר די אינדוסטריען; אַז די אַדמיניסטראַציע פאַראָרדנונגען זיינען אויפגעהאַלטען געוואָרען פון די געריכטען; אַז די העכערונג פון די מינימום פון 25 סענט אַ שטונדע אויף 30 סענט און די פאַרקירצונג פון דער אַרבעטס־צייט פון 44 צו 42 שטונדען אַ וואָך וואָס איז אַריין אין קראַפט אין אָקטאָבער 1939, האָט ניט געבראַכט דאָס אָפּלייגען פון אַרבעטער און דאָס שליסען פון מאַנכע אונטערנעמונגען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל ווען די ערשטע פאַראָרדנונג פאַר 25 סענט אַ שטונדע און אַ 44 שטונדיגע אַרבעטס־וואָך איז איינגעפירט געוואָרען מיט אַ יאָר פריהער. לויט דעם באַריכט האָבען איבער 650 טויזענט אַרבעטער אין אַמעריקע געדאַרפט קריגען געהעכערט די שכירות ווען די פאַראָרדנונג פאַר אַ מינימום פון 30 סענט אַ שטונדע איז אַריין אין קראַפט און אַרום צוויי מיליאָן און פיר הונדערט טויזענט אַרבעטער האָבען געקראָגען קירצערע אַרבעטס־שטונדען דורך דעם איינפיר פון אַ 42 שטונדען וואָך. די קאָמיסיע שאַצט אויך, אַז נאָך 526,500 אַרבעטער וועלען קריגען געהעכערט די שכירות ווען די רעקאָמענדאַציעס פון די אינדוסטריע־קאָמיסיעס וועלען באַשטעטיגט ווערען.

וואָס אַנבאַלאַנגט די שטעלונג פון די געריכטען צום שטונדען־שכירות געזעץ, ווייזט דער באַריכט אַז אַז פון 189 קעיסעס וואָס די קאָמיסיע און דער דעפּאַרטמענט אָו דזשאַסטיס האָבען געבראַכט אין געריכט צו צווינגען בעלי בתים נאָכצוקומען דעם געזעץ, האָבען זיי געוואונען 137 און פאַרלאָרען בלויז 2. איין קייס האָבען זיי פאַרלאָרען אין אַן אַפּיל פון אַ בעל־הבית צום געריכט. אַחוץ דעם האָבען זיי געוואונען אַלע 37 קרימינעלע קלאַגען וואָס זיי האָבען אַריינגעבראַכט געגען פירמעס פאַר פאַרלעצען דעם געזעץ און די פאַרברעכער זיינען באַשטראָפט געוואָרען מיט דער סומע פון 247,850 דאָלאַר. אַ טייל פון די שטראָפען זיינען סוספּענדירט געוואָרען ווען די בעלי־בתים האָבען פאַרשפּראָכען צוריקצאָלען די אַרבעטער די פולע סומע געלט וואָס זיי האָבען זיי נישט דערצאָלט. 18,000 אַרבעטער האָבען געקראָגען אָדער וועלען קריגען איבער אַ מיליאָן דאָלאַר אין בעקפּעי וואָס די בעלי־בתים האָבען זיי ניט באַצאָלט אין איינקלאַנג מיט׳ן געזעץ.

זיינען די באַריכטען זיכער זייער ערפרייהענד פאַר די אַרבעטער. העכערע שכירות, קירצערע שטונדען פאַר די צום ערגסטען עקספּלואַטירטע און ניט אָרגאַניזירטע אַרבעטער אָן אַ סטרייק איז זיכער אַ וויכטיגע דערגרייכונג וואָס מען קען ניט אַוועקמאַכען אונטערן האַנט. צום באַדויערען, האָט די מטבע אויך אַ צווייטע זייט, און די זייט איז ניט אַזוי ראָזעווע, ווי די וואָס די באַריכטען ווייזען. ווייל אויך די בעלי בתים האָבען אַריבערגעטראָגען דעם קאַמף זייערען געגען פאַרבעסערונגען פאַר די אַרבעטער פון דעם עקאָנאָמישען אויפ׳ן פּאָליטישען פעלד און זיי קאָנצענטרירען אַלע זייערע כחות צו־נישט צו מאַכען די אַלע געווינסען. עס איז אמת, אַז אין די געריכטען, דורך וועלכע עס איז זיי געלונגען צו פאַרניכטען די נ. ר. א., האָבען זיי דאָס מאָל פאַרלאָרען. דער פּראָצעס פון ליבעראַליזירען די געריכטען וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט דורכגעפירט אין די לעצטע פיר יאָר, האָט געבראַכט רעזולטאַטען. די געריכטען אָבער קענען בלויז אויסטייטשען דעם געזעץ אָבער ניט אים ענדערען. עס איז דער קאָנגרעס, וואָס קען דעם געזעץ אַמענדירען אָדער אָפּשאַפען. די בעלי־בתים קאָנצענטרירען זיך איצט דעריבער אויפ׳ן קאָנגרעס און דאָ, שיינט עס, האָבען זיי און ערוואַרטען פיל מער ערפאָלג.

אין דער לעצטער סעסיע פון קאָנגרעס, צום ביישפּיל, איז די פאָרטרעטער פון די בעלי בתים אין קאָנגרעס געלונגען צו פאַרקריפּלען די דורכפירונג פון דעם שטונדען־שכירות געזעץ דורך באַשטימען אַ לעכערליך קליינע סומע געלט פאַר דער שטונדען־שכירות אַדמיניסטראַציע אויף אָנפירען איר אַרבעט. דער רעזולטאַט פון אָט דעם סאַבאָטאַזש איז, אַז די אַדמיניסטראַציע האָט בלויז 290 אינספּעקטאָרס אויף די 250,000 פאַבריקען און אונטערנעמונגען וואָס זיי דאַרפען קאָנטראָלירען. דאָס איז איבער אַכט הונדערט פאַבריקען פאַר יעדען אינספּעקטאָר. ווען מען דערמאָנט זיך, אַז אין די קליינע שטעטלאַך זיינען די פאַבריקען פאַנאַנדערגעוואָרפען אויף אומגעהויערע ווייטע שטחים, קען מען זיך שוין פאַרשטעלען ווי לאַנג עס דאַרף געדויערען אַן אינספּעקטאָר דורכצוגיין זיין דיסטריקט און זען צי דער געזעץ ווערט אָפּגעהיט. אין דעם באַריכט פון דער קאָמיסיע ווערט טאַקע אָנגעוויזען, אַז זיי קריגען אַריין קלאַגען פון איבערטרעטונגען פון געזעץ אַרום טויזענט יעדע וואָך; אַז דורך דער צייט וואָס דאָס געזעץ איז אין קראַפט האָבען זיי שוין אַריינגעקראָגען 15,547 קלאַגען; אַז איבער 73 פּראָצענט פון אַלע באַרעכטיגטע קלאַגען זיינען נאָך אַפילו ניט אויפגענומען געוואָרען פון די אינספּעקטאָרען, ווייל זיי האָבען קיין צייט ניט געהאַט דערפאַר.

מען דאַרף פאַרשטיין, אַז אויף יעדער קלאַגע וואָס קומט אַריין, זיינען וואַרשיינליך פאַראַן עטליכע פאַרלעצונגען פון געזעץ אויף וועלכע עס קומען ניט אַריין קיין קלאַגען. פיל ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער ווייסען ווייניג פון דעם געזעץ און זייערע רעכטען; פילע האָבען מורא זיך אָנצוהויבען מיט׳ן בעל־הבית אום ניט צו פאַרלירען דעם דזשאָב. אויב אַזוי פיל פון די קלאַגען וואָס זיינען אַריינגעקומען זיינען נאָך איצט, מאָנאַטען נאָכדעם, ניט אונטערזוכט געוואָרען, וואָס פאַר אַ ווערט קען דען האָבען דער געזעץ פאַר די וואָס ווילען זיך פון אים אַרויסדרעהען?

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם לייבאָר רילײשאָנס געזעץ, ווערט ער איצט אַטאַקירט פון אַלע זייטען און עס ווערט צוגעגרייט דער באָדען אים צו פאַרניכטען אָדער אַזוי צו ענדערען אים נאָך אין דער איצטיגער סעסיע פון קאָנגרעס אַז ער זאָל פאַרלירען יעדען ווערט פאַר די אַרבעטער אָדער גאָר פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ געצייג געגען די יוניאָנס.

דער באָדען ווערט צוגעגרייט דורך דער סמיטה־קאָמיטע פון קאָנגרעס, וואָס איז באַשטימט געוואָרען צו אונטערזוכען אָט דעם געזעץ און ווי אַזוי ער אַרבעט. ווען מען פאָלגט נאָך די פאַרהערען פאַר דער קאָמיטע און ווי זיי ווערען געפירט, קען מען לייכט זען וואָס די קאָמיטע באַצוועקט אַרויסצוברייגען מיט איר אונטערזוכונג. זי זוכט צו באַווייזען, אַז די לייבאָר־באָארד איז פּאַרטייאיש צו די יוניאָנס; אַז זי האָט אָנגעשטעלט אומפעהיגע און אומדערפאַרענע לאָיערס. דער גאַנצער פאַרהער איז אָנגעפירט געוואָרען ביז איצט, ניט ווי אַ פאַרהער פאַר אַ קאָמיטע וואָס זוכט צו דערגיין דעם אמת וועגען דעם געזעץ און ווי אַזוי ער ווערט דורכגעפירט, נאָר ווי אַ פּראָקוראָר פירט אַן אַ פאַרהער פון אַן אָנגעקלאָגטען וועלכער איז שוין אינדייטעד פון אַ דזשורי. לויט דעם האַמערען פון דער פּרעסע און פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס פון בעלי בתים, ווי די טשעמבער אָוו קאָמערס און די מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, איז קלאָר, אַז זיי ווענדען אָן אַלע כחות צו שאַפען שטימונג געגען געזעץ.

צום באַדויערען, ווערט סיי דער געזעץ, ווי ער איז, און סיי דער אופן ווי ער איז דורכגעפירט געוואָרען פון דער אַדמיניסטראַציע, ניט פאַרטיידיגט אַפילו פון די יוניאָנס וועלכע האָבען על פּי שכל געדאַרפט טאָן אַלץ אין זייערע כחות צו באַשיצען דעם געזעץ. די אורזאַך איז — דער ברודער־קאַמף אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג. די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר־פירער האָבען טענות, אַז דער געזעץ, ווי ער איז איצט, איז גינסטיגער פאַר דער סי. אַי. אָ. ווי פאַר דער פעדערײשאָן. די פירער פון דער סי. אַי. אָ. ווידער ווילען ניט לײדען וואָס מאַנכע אַנטשיידונגען פון דער באָארד זיינען ניט געווען ווי זיי האָבען געוואָלט. די יוניאָן־פירער פון בײדע צדדים ווילען ניט וויסען, אַז דער ניט פאָלקאָמענער געזעץ איז נאָך אַלץ בעסער ווי דאָס וואָס זיי קענען ערוואַרטען פון קאָנגרעס אין דער איצטיגער צייט; אַז אויב דער געזעץ וועט געענדערט ווערען אין דער איצטיגער אַטמאָספערע, וועלען די יוניאַן־פּרעסער זיין די איינציגע וואָס וועלען האָבען נוצען דערפון.

### לייבאָר־באָארד און די שטונדען־שכירות אַדמיניסטראַציע טוען דערווייל גוטע אַרבעט

ניט אַכטענדיג אויף די שוועריגקייטען און אַטאַקעס, טוען דערווייל די צוויי רעגירונגס־קערפּערשאַפטען גוטע אַרבעט פאַר די לוין־אַרבעטער. עטליכע וויכטיגע אַנטשיידונגען דעם מאָנאַט פון דער לייבאָר־באָארד און פון די געריכטען האָט אויסגעברייטערט זייער יוריסדיקציע און בענעפיסירט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער און זייערע יוניאָנס.

דער פעדעראַלער געריכט אין קאַליפאָרניע האָט דעם מאָנאַט אַרויסגעגעבען אַן אַנטשיידונג, וואָס ברייטערט אויס די יוריסדיקציע פון דער לייבאָר־באָארד אויך אויף אַזוינע אַרבעטער וואָס ווערען באַשעפטיגט ביים פּאַקען פּרוכט און גרינסען פון די פאַרמס. די אַנטשיידונג איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אויף אַן אַפּיל פון אַ קאָאָפּעראַטיווער פאַבריק פון אָראַנזשען־פאַרמערס געגען אַן אַנטשיידונג פון דער לייבאָר־באָארד וואָס האָט זיי באַפוילען צוריקצונעמען אַן אַנטזאָגטען אַרבעטער. די טענה איז געווען, אַז אַזוי ווי די פאַבריק געהערט צו פאַרמערס און דאָרט ווערען געפּאַקט די פּרוכט וואָס זיי נעמען אַרונטער פון זייערע אייגענע גערטנער איז עס אַ פאַרם־אונטערנעמונג אויף וועלכער די לייבאָר־באָארד האָט ניט קיין יוריסדיקציע. דאָס געריכט האָט אָבער געפּסק׳ענט אַז אַזוי שנעל ווי די פּראָדוקטען ווערען אַוועקגענומען פון דער פאַרם און געבראַכט אין אַ פאַבריק, איז עס שוין אַ פּראָדוקט פון אינדוסטריע און איז אונטערוואָרפען דעם געזעץ.

אַ צווייטע אַנטשיידונג פון אַ פעדעראַלען ריכטער האָט אויך באַשטעטיגט, אַז די אַרבעטער ביים פּאַקען פּרוכט זיינען אונטערוואָרפען דעם שטונדען־שכירות געזעץ און מוזען קריגען די שטונדען און שכירות וואָס דער געזעץ באַשטימט פאַר אַרבעטער אין אינטערסטייט קאָמערס.

די נעשאַנאַל לייבאָר רילײשאָנס באָארד האָט דעם מאָנאַט באַפוילען דריי פירמעס [illegible] זייערע קאָמ־

פאני-יוניאנס און צוריקנעמען אנטזאגטע ארבעטער; די דריי פירמעס זיינען די אפי סילק קאמפאני פון באפאלא, ניו יארק, וואס האט געהאט א ניי מאדנע קאמפאני יוניאן. עס איז דארט געווען איינגעפירט, אז די ארבעטער האבען אויסגעקליבען אלס זייער פארטרעטער איינעם וואס איז אין גאנצען ניט פארבונדען מיט דער אינדוסטריע אדער מיט וועלכער עס איז יוניאן און ער האט אויפגענומען און געשליכטעט מיט דער פירמע אלע סכסוכים און קלאגען וואס די ארבעטער האבען געהאט. די פירמע האט דעם „פארטרעטער" יעדעס יאר איבערגעגעבען 75 פראצענט פון די פראפיטען פון דער קאמפאני צו פאנאנדערטיילען צווישען די ארבעטער אין פראפארציע צו זייערע פארדינסטען דורכ'ן יאר. די יוניאן האט באוויזען, אז אט די מאדנע יוניאן ווערט קאנטראלירט און פינאנסירט פון די בעלי-בתים און די באארד האט באפוילען אויפצוגעבען די יוניאן.

די צווייטע פירמע וואס האט ערהאלטען אזא באפעל פון דער לייבאר-באארד דעם מאנאט איז די פלארענס פייפ פאונדרי און מאשין קאמפאני פון פלארענס, ניו דזשוירזי. דער באפעל איז, אז די קאמפאני מוז אויפהערען אנערקענען די קאמפאני-יוניאן און דארף צוריק נעמען צו דער ארבעט פינף בעל-מלאכות וואס זיינען אנטזאגט געווארען פאר יוניאן-טעטיגקייט.

די דריטע פירמע, וואס האט ערהאלטען אזא באפעל, איז די נעשאנאל מאטאר ריבילדינג קארפארישאן פון ברוקלין. דער באפעל איז, אז די קאמפאני מוז אויפלייזען די קאמפאני-יוניאן און אנערקענען די מאשיניסטען-יוניאן פון דער א. פ. או ל. אלס די איינציגע פארטרעטערין פון אירע ארבעטער; דארף צוריקנעמען 14 אנטזאגטע ארבעטער און צאלען זיי שכירות פאר דער צייט וואס זיי האבען פארלארען; צוריקנעמען נאך צוויי ארבעטער אן בעק-פעי און צאלען אנטשעדיגונג צו פינף אנדערע ארבעטער וועלכע זי האט פאר דער אנטשיידונג צוריקגענומען צו דער ארבעט.

דער פעדעראלער געריכט אין פילאדעלפיע האט דעם מאנאט ענדגילטיג באשטעטיגט דעם באפעל פון דער לייבאר באארד, אז די „רעפאבליק סטיל קא." מוז צוריקנעמען צו דער ארבעט צווישען פינף און זעקס טויזענט ארבעטער וועלכע האבען פארלארען זייערע דזשאבס דורך דעם שטאל-סטרייק און זיי צאלען שכירות פאר די 14 מאנאטען זינט די באארד האט ארויסגעגעבען איר ערשטען ארדער געגען וועלכען די קאמפאני האט אפעלירט אין די געריכטען. עס ווערט געשאצט, אז די סומע געלט וואס די קאמפאני דארף אויסצאלען אט די ארבעטער אין בעק-פעי טרעפט אן ארום זיבען א האלב מיליאן דאלאר.

## דורכפאלען און פארפאלגונגען פון יוניאנס

ניט אין אלע פאלען זיינען די יוניאנס ארויס ערפאלגרייך אין די געריכטען. געווען דעם מאנאט אויך א צאל דורכפאלען פאר די יוניאנס און אין א רייהע פאלען האבען זיך אנגעהויבען ערנסטע פארפאלגונגען פון יוניאנס אין די געריכטען.

גרויס פארביטערונג האט ארויסגערופען אין די קרייזען פון דער א. פ. או ל. די אנטשיידונג פון געריכט, וואס האט באשטעטיגט די רולינג פון דער לייבאר-באארד אז אלע 115,000 מיינערס וואס ווערען באשעפטיגט אין די 202 הארטע קוילען-גרובען אין פענסילווייניע ווערען פארעכענט אלס איין יוניט פאר קאלעקטיווע פארהאנדלונגען מיט די בעלי בתים. די אנטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען געגען דעם פארלאנג פון דער פראגרעסיוו מיין וואירקערס יוניאן אז זי זאל אנערקענט ווערען אלס די פארטרעטערין פון די ארבעטער אין צוויי קליינע מיינס אין פענסילווייניע, וואו זי האט א מאיאריטעט פון די ארבעטער. לויט דער אנטשיידונג איז די לייבאר-באארד די איינציגע קערפערשאפט אונטער דעם געזעץ, וואס האט דאס רעכט צו באשטימען אין יעדען פאל וואס עס זאל זיין א יוניט. זי קען באשטימען אן איינצעלנע פירמע, אן איינצעלנעם פאך אדער א גאנצען געאגראפישען געגענד אלס דעם יוניט, און יעדער טייל פון דעם יוניט איז דאן אונטערווארפען די אנטשיידונג פון דער מאיאריטעט ארבעטער אין דעם גאנצען יוניט.

א גאנצע רייע פארפאלגונגען פון פעדעראלען געריכט האבען זיך דעם מאנאט א שאס געטאן אויף די מעכטיגסטע יוניאנס פון דער אמעריקען פעדערעישאן או לייבאר, וועלכע זיינען פארקלאגט געווארען פאר שטערען דעם אינטערעסטייט האנדעל.

דער בילדינג טרייד-קאונסיל אין ניו ארלינס און די מערסטע יוניאנס וואס זיינען אנגעשלאסען אן קאונסיל און זייערע באאמטע זיינען אנגעקלאגט געווארען פון דער פעדעראלער גרענד דזשורי אין קאנספיראציע צו שטערען דעם האנדעל צווישען שטאטען אונטער דעם שערמאן אנטי-טראסט געזעץ, פאר אנטזאגען זיך צו ארבעטען אדער פאנאנדערפירען בוי-מאטעריאל וואס ווערט צוגעשטעלט פון דער טראנספארט ארבעטער יוניאן וועלכע איז אנגעשלאסען אן דער סי. אי. א.

די טאיל לעיערס יוניאן און אירע באאמטע אין שיקאגא זיינען אנגעקלאגט געווארען צוזאמען מיט א צאל בעלי-בתים פאר א פארשווערונג נישט צו דערלאזען די בוי-קאנטראקטארס קויפען זייערע קאכלעס פון פירמעס אויסען שטאט. די באשולדיגונג לויטעט, אז די יוניאן, געוויסע קאנטראקטארס און די מאנופעקטשורערס פון קאכלעס האבען זיך פאראייניגט ארויסצוטרייבען פון ביזנעס א צאל אינדעפענדענט טאיל מאנופעקטשורערס און אז די יוניאן האט ניט ערלויבט אירע מיטגלידער צו ארבעטען מיט קאכלעס וואס די מאנופעקטשורערס האבען פארקויפט.

די צוויי קלאגען זיינען א טייל פון דער אלגעמיינער אונטערזוכונג, וואס אטוירני דזשענעראל מוירפי האט געארדערט אין די בוי אינדוסטריען. ביז איצט זיינען שוין אין פארבינדונג דערמיט ארויסגעגעבען געווארען פיר הונדערט אינדייטמענטס געגען יוניאנס, יוניאן-פירער, בעלי בתים און זייערע אסאסיאיישאנס אין פארשיידענע שטעט איבער'ן לאנד. די אונטערזוכונג גייט נאך אן.

אין ניו יארק האט די פעדעראלע גרענד דזשורי דעם מאנאט אנגעקלאגט דעם פרעזידענט פון דער לאנגשארמענס יוניאן דזשאזעף פ. רייען און צען אנדערע יוניאן-פירער צוזאמען מיט דער אינטערנעשאנאל און צוויי לאקאלס פון די לאנגשארמען און איין לאקאל פון די טימסטערס אונטער'ן שערמאן אנטי-טראסט געזעץ. די קלאגע געגען זיי איז, אז זיי האבען נישט דערלאזט די האלץ-הענדלער אין ניו יארק קריגען געהילץ וואס איז געהענדעלט געווארען פון א סי. אי. א. יוניאן. די קלאגע איז, אלזא, כמעט די זעלבע ווי אין ניו ארלינס און שטאמט דירעקט פון דעם ברודער-קריג אין דער טרייד יוניאן באוועגונג.

## שווערע נידערלאגע פון דער שיך ארבעטער יוניאן

א שווערע נידערלאגע האט דעם מאנאט געליטען די שיך ארבעטער יוניאנס, און אויך דאס דארף צוגעשריבען ווערען מערסטענס אויפ'ן חשבון פון דעם ברודער-קאמף. אין אן אפשטימונג פון די איבער 16,000 ארבעטער וואס ווערען באשעפטיגט ביי דער גרעסטער שיך מאנופעקטשורינג קא., די ענדיקאט-דזשאנסאן קארפארישאן, האט א ריזיגע מערהייט געשטימט געגען ביידע יוניאנס, סיי געגען דער בוט און שו וואירקערס יוניאן פון דער פעדערישאן, און סיי געגען די יונייטעד שו וואירקערס יוניאן פון דער סי. אי. א. די צאל שטימען וואס זיינען אפגעגעבען געווארען זיינען: 1,612 פאר דער א. פ. ל.; 1,079 פאר דער סי. אי. א., און — 12,693 געגען ביידע יוניאנס.

כאטש עס זיינען געווען פילע פאקטארען וואס האבען געבראכט די נידערלאגע פאר די יוניאנס — דאס וואס די פירמע האט א ביסעל בעסער באהאנדעלט די ארבעטער דורך די לעצטע פערציג יאר וואס זי איז אין עקזיסטענץ ווי די באהאנדלונג וואס עס קריגען ארבעטער אין אנדערע אפען שעפער; די באנוס-סיסטעם, וואס דארט איז איינגעפירט; די פארשיידענע בענעפיטען, ווי ביליגע רענט אין די קאמפאני-הייזער, ביליגע פרייזען אין די קאמפאני-סטארס, פארשיידענע וואוילטעטיגע אונטערנעמונגען און ענליכע זאכען, — איז אבער זיכער דער הויפט-פאקטאר געווען דאס, וואס די קאנקורירענדע יוניאנס האבען דורך דער צייט פון ארגאניזאציאנס-קאמפיין פאר דער אפשטימונג אפגעגעבען מער צייט און ענערגיע צו פארלוימדען און באשמוצען איינע די אנדערע, ווי אויף אויפקלערען און אריבערגעווינען די ארבייטער צום יוניאן געדאנק.

פרעזידענט וויליאם גרין האט פערזענליך גענומען א האנט אין דעם קאמפיין. פאר דער אפשטימונג האט ער פערזענליך אפעלירט צו די ארבעטער זיך אנצושליסען אן דער פעדערישאן יוניאן. דעם גרעסטען טייל פון זיין אפיל האט ער אבער באנוצט אויף אטאקירען די סי. אי. א. זאגענדיג אז זי איז קאמוניסטיש און זוכט צו ברייגען א רעוואלוציע אין לאנד, אנשטאט צו פארבעסערען די באדינגונגען פון די ארבעטער. די פירער פון דער סי. אי. א. יוניאן האבען זיך אויך אפגעגעבען מערסטענס מיט באשמוצען און פארלוימדען די פעדערישאן-יוניאן. דער רעזולטאט איז געווען, אז די ארבעטער האבען אין זייער גרויסער מאיאריטעט פון איבער זעקס צו איינס געשטימט געגען וועלכער ניט איז יוניאן.

דאס ווייטאגדיגסטע אין דער גאנצער טראגעדיע איז די שמחה וואס די ארבעטער האבען געמאכט אין די גאסען ווען עס איז פארעפענטליכט געווארען דער רעזולטאט פון דער אפשטימונג. אלע האבען זיי יענעם טאג געווארפען די ארבעט און מארשירט אין די גאסען מיט געזאנג און פייפלאך, ווי דער גרעסטער גליק וואלט זיי געטראפען, ווי זיי וואלטען באזיגט זייער ערגסטען שונא...

## וועלען די יוניאנס עפעס לערנען דערפון?

ווי אן עכא פון דער האנדלונג פון די ענדיקאט-דזשאנסאן ארבעטער איז געקומען מיט א טאג שפעטער די אפשטימונג אין א צווייטען שוך-פאבריק. די 300 ארבעטער פון דער לאגאנאס שו קאמפאני פון לאוועל, מאסאטשוזעטס, האבען מיט א גרויסער מאיאריטעט באשלאסען ארויסצוגיין פון דער יונייטעד שו וואירקערס יוניאן סי. אי. א., וועלכע האט געהאט א קאנטראקט מיט דער פירמע לעצטעס יאר און צוריקגיין צו דער ארבעט אן א יוניאן. דער אגרימענט מיט דער פירמע איז אויסגעגאנגען דעם ערשטען יאנואר און די פירמע האט זיך אנטזאגט צו באנייען אים.

## שלום פאדערונגען הערען זיך ווידער אבער אן ערפאלג

דעם מאנאט איז אריינגעקומען דער געוויינליכער „שניט" פון שלום-פאדערונגען אין די יוניאנס, אבער מיט ניט קיין בעסערע רעזולטאטען פארלויפיג ווי ביז איצט. פארקערט, די האנדלונגען זיינען נאך אפשר פארשארפט געווארען און געווארען מער קריגעריש.

דער ערשטער וואס איז דעם מאנאט ארויסגעקומען מיט דער פאדערונג אז עס זאל געמאכט ווערען א סוף צום ברודער-קריג איז געווען דעניעל דזש. טאבין, פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל בראדערהוד או טימסטערס, די גרעסטע אינטערנעשאנאל יוניאן אין דער אמעריקען פעדערישאן או לייבאר. אין אן עדיטאריעל אין דעם אפיציעלען ארגאן פון זיין יוניאן, האט טאבין ערקלערט, אז „ווייניגער ווי א האלבער טוץ מענשען אין דער פעדערישאן און סי. אי. א. זיינען פאראנטווארטליך פאר דעם וואס די אכט מיליאן ארגאניזירטע ארבעטער זיינען נאך אלץ צעטיילט אין צוויי פיינדליכע לאגערען". טאבין האט אויפגעפאדערט די מיטגלידער פון ביידע ארגאניזאציעס צו רעוואלטירען און צווינגען די פירער צו מאכען שלום. ער האט אנגעוויזען, אז ניינציג פראצענט פון אלע קלאגען וואס די יוניאנס האבען געגען דעם וואגנער-אקט זיינען א רעזולטאט פון דעם ברודער-קריג און דער אקט ווערט געשטעלט אין געפאר דורך דער צעשפליטערונג אין די ארבעטער-רייהען.

פרעזידענט סידני הילמאן פון דער אמאלגאמייטעד האט אויך דעם מאנאט גערעדט וועגען דער נויטיגקייט פון שלום אין דער ארבעטער-באוועגונג און האט אויסגעדריקט די האפענונג אז שלום איז איצט נענטער ווי ווען עס איז, כאטש קיין איינצעלהייטען אויף וואס דער אפטימיזם איז געבויט האט ער ניט נעגעבען.

א שטארקע רעזאלוציע פאר פרידען אין דער טרייד יוניאן באוועגונג איז דעם מאנאט אנגענומען געווארען ביי א מיטינג פון דער עלעקטרישענס יוניאן לאקאל 3 פון ניו יארק. אין דער רעזאלוציע ווערט דער פרעזידענט פון זייער אינטערנעשאנאל, דעניעל טרעיסי, אויפגעפאדערט צו נעמען אויף זיך די איניציאטיווע אויף צוזאמענרופען א קאנפערענץ פון פראגרעסיווע יוניאן-טוער פון איבער'ן גאנצען לאנד מיט'ן צוועק אויפצופאדערען גרינען און לואיסען צו מאכען א סוף פון דעם ברודער-קריג.

פרעזידענט גרין אליין איז ארויסגעקומען דעם מאנאט מיט א דערקלערונג, ביי א פייערונג פון דעם פערציג-יעריגען יובילעי פון סיינט לואיס סענטראל טריידס און לייבאר יוניאן, אז די ווידער-פאראייניגונג פון דער טרייד יוניאן באוועגונג איז די וויכטיגסטע פראבלעם וואס די ארבעטער האבען איצט. ער האט אין די שארפסטע ווערטער פארדאמט „די העצער צו קריג און די גערודעגענע קנעכט פון די ארבעטער-שונאים וועלכע באנוצען זיך מיט דער שפאלטונג צו באשמוצען די גאנצע טרייד-יוניאן באוועגונג".

אבער וואס קומט פון דעם אלעם ארויס, אז די קריג-צינדער האבען נאך פארלויפיג, ווייזט אויס, אלץ די אייבערהאנט. אויף טאבין'ס אויפפאדערונג פאר שלום, האט דזשארדזש קיו. לינטש, פרעזידענט פון דער פעטערן מאכער ליג (א. פ. ל.) געענטפערט מיט א מבול פון זלזולים, באשולדיגענדיג אים אז ער האט אין זינען צו קריגען א קאמפיין-בײשטייערונג פון דזשאן ל. לואיס פאר דער דעמאקראטישער פארטיי. דזשאן ל. לואיס' ברודער, וועלכער איז דער פרעזידענט פון דער נייער אקופיישאן-יוניאן וואס די סי. אי. א. זוכט אויפצובויען אין דער בוי-אינדוסטריע, איז דעם מאנאט ארויסגעקומען מיט א ווארנונג צו זיינע מעמבערס, אז די „זאלען זיך היטען פאר די גענגסטערס וואס די א. פ. או ל. באנוצט צו ברעכען זייער ארגאניזאציע". ער איז נעגאנגען אזוי ווייט ווי צו געבען אנצוהערען, אז זיין ברי-

# די קאמוניסטישע „פינפטע קאלאנע" אין דער אמעריקען לייבאר פארטי



ין דעם באריכט פון דעם סטייט סעקרעטער פון דער אמעריקען לייבאר פארטי צו דער סטייט קאמיטע ביי איר מיטינג דעם 6טען יאנואר, האט ער ארונטערגעריסען דעם שלייער פון די קאמוניסטען, וועלכע האבען זיך אנגעשלאסען אן דער פארטיי מיט'ן צוועק צו פארכאפען זי אדער אויפרייסען איר פון אינעווייניג. ראוז האט מיט פאקטען און באווייזען אויפגעדעקט זייערע מאנעווערס און אנגעוויזען ווי אזוי זיי פירען אן זייער צושטערערישע ארבייט. מיר גיבען דא די וויכטיגסטע טיילען פון זיין באריכט, אום די ארבייטער זאלען זיך דערמיט באקענען.

„איז נאך נויטיג פאר מיר מער אונטערצושטרייכען דאס וואס עס איז געווען בלויז קלאנגען מיט א צייט צוריק און איז איצט געווארען באשטעטיגטע פאקטען, אז די קאמוניסטישע פארטיי פון די פאראייניגטע שטאטען האלט אויף אין דער אמעריקען לייבאר פארטי דאס וואס איך האב פילע מאל באצייכענט אלס „די פינפטע קאלאנע", וועמעס צוועק עס איז צו פארכאפען וויכטיגע פאזיציעס אין דער פארטיי און נוצען זיי פאר די אינטערעסען פון דער קאמוניסטישער פארטיי?

די קאמוניסטישע פארטיי האט אריינגעשיקט אין אונזערע רייען א מיליטערישע עקספעדיציע, פונקט ווי די האבען אריינגעשיקט לעצטענס אין פינלאנד צו רעוואלוציאניזירען אונז און אונז ארונטערברייגען אונטער דעם איינפלוס און הערשאפט פון זייער פארטיי. עס איז אט דער אומשטאנד וואס האט געבראכט צו א קאמף. איך באשטיי אז מיר האבען ניט קיין קריג מיט די לאיאלע מיטגלידער פון דער אמעריקען לייבאר פארטי. וואס פאר א מיינונגס-פארשידענהייטען עס זאלען ניט זיין צווישען די לאיאלע מיטגלידער קען מען עס אויספרעסען אין דעם אמתן גייסט פון דעמאקראטי, און איינינקייט וועט הערשען אין אונזערע רייען.

אונזער קאמף איז בלויז מיט א פרעמדער פאליטישער פארטיי, וועלכע,, לויט אונזער מיינונג, איז בארעכטיגט צו עקזיסטירען אין די פאראייניגטע שטאטען, און וועלכע האט דאס רעכט צו פרובירען איבערצייגען די אמעריקאנער בירגער און דער ארבייטער באוועגונג, אז זיי האבען איר געדארפט געבען זייער פאליטישען צוטרויען. מיר קריגען זיך מיט קיינעם ניט וואס וויל פראפאגאנדירען קאמוניזם. וואס מיר באקעמפען מיט דער גאנצער קראפט אונזערע, איז זייער מעטאדע צו קאלאניזירען, און זייער פארזוך צו פארכאפען אונזער פאליטישע באוועגונג. דאס איז עטוואס וואס איז אין פולשטענדיגען געגענזאץ צום גייסט פון אמעריקאנער דעמאקראטי און דער פראקטיק פון אמעריקאנער פאלק. אט די מעטאדע אנצוטאן א פאלשע מאסקע איז אפשר נויטיג געווען אין צארישען רוסלאנד אדער אין וועלכען עס איז לאנד וואו עס הערשט ניט קיין פאליטישע פרייהייט. עס האט אבער קיין פלאץ ניט אין די פאראייניגטע שטאטען, וואו יעדער מענש האט דאס רעכט ארויסצוזאגען זיין פאליטישען גלויבען און אויפפאדערען אנדערע מענשען אז זיי זאלען זיך מיט אים פאראייניגען אום דעם גלויבען צו פארווירקלכען.

(אויסצוגען פון א באריכט פון אלעקס ראוז, סטייט סעקרעטער פון דער פארטיי)

מר. יודזשין קאנאלי, וועלכער האט זיך פראקלאמירט אלס טשערמאן פון ניו יארק קאונטי, ווייס שוין איצט דורך א געריכט ענטשיידונג אז ער האלט ניט קיין אמט אין דער אמעריקען לייבאר פארטי. ער איז געווארען אין ניו יארק קאונטי דער פירער פון אן אפאזיציאנעלער פאליטישער ארגאניזאציע, וועמעס טעטיגקייטען עס ווערען גרינדליך באריכטעט אין „דעילי ווארקער". זינט דאן, האט קאנאלי און זיינע פריינד ארגאניזירט א סטייט גרופע, וועלכע לאזט וויסען אז זי קעמפט געגען דער איצטיגער סטייט פירערשאפט און געגען איר פאליסי.

וויל איך אייך נאך אמאל פארזיכערען, אז ביז דעם מיטינג פון 4טען אקטאבער, ווען די רעזאלוציע געגען דעם היטלער-סטאלין אפמאך איז אנגענומען געווארען, איז ניט געווען קיין אפאזיציע באוועגונג אין אונזער פארטיי. פונקט ווי קאנאלי'ס אפאזיציע אין ניו יארק קאונטי, אזוי איז אויך די אפאזיציע פון דער גרופע אין סטייט ארויסגערופען געווארען בלויז דורך דער שטעלונג פון אונזער פארטיי געגען די קאמוניסטען.

די גרינדונג פון דער קאמיטע איז אנאנסירט געווארען אין דער פרעסע און צווישען זיי זיינען ערשינען די נעמען פון מר. וואטסאן פון דער ניוספייפער גילד; מר. בראון, פון דער דרוקערס יוניאן, און מר. קאראן, פון דער מעריטיים יוניאן. זיי האבען אנאנסירט זייער ענטשלאסענהייט איבערצובויען די אמעריקען לעיבאר פארטי און פטור ווערען פון דוד דובינסקי, פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן; לואידזשי אנטאניני, ערשטער וויס-פרעזידענט פון דער זעלבער יוניאן; מיך, וועלכער פארטרעט אין דער פארטיי די אינטערנעשאנאל העטערס, קעפ און מילינערי ארבייטער יוניאן, און אלע טרייד-יוניאנס, וועלכע שטימען איין מיט דער איצטיגער פאליסי פון דער פארטיי. דאס שליסט איין אלע יוניאנס, אויסער די וואס זיינען באוואוסט אין דער ארבייטער באוועגונג אז זיי ווערען קאנטראלירט פון די קאמוניסטען.

ווען איך זאל אייך, צום ביישפיל, דערציילען, אז אט די דריי פירער, וואטסאן, בראון און קאראן, וועלכע זיינען אזוי פאראינטערעסירט איבערצובויען די אמעריקען לייבאר פארטי, האבען זיך אנטזאגט אנצושליסען זייערע יוניאנס אן דער פארטיי, טראץ דעם וואס מיר האבען זיי געבעטען עס צו טאן דורך די לעצטע פיר יאר.

איך געדענק, אז איך האב געהאט א קאנפערענץ מיט קאראן אין 1938, מונטערענדיג אים אנצושליסען זיין יוניאן אן דער פארטיי אן ערפאלג; בראונ'ס דרוקער יוניאן האט דורך די לעצטע פיר יאר געגעבען איין ביישטייערונג פאר דער פרטיי, און דאס איז געווען מיט צוויי יאר צוריק, ווען מר. בראון איז נאך ניט געווען איר פרעזידענט. פון דעמאלט אן האט די יוניאן גאר ניט ביייגעטראגען צו דער פארטיי. די ניוס-פייפער גילד האט אפיציעל באשלאסען זיך ניט אנצושליסען אן דער פארטיי אלס ענטפער אויף אונזער אפיל. אט דאס זיינען די טרייד-יוניאן פירער, וועלכע פארשפרעכען איבערצובויען די פארטיי און וועלכע זיינען ענטשלאסען ארויסצווארפען יענע יוניאן פירער וועלכע האבען ארגאניזירט די פארטיי פון איר געבורט, האבען געארבייט פאר איר שווער און האבען זי פינאנסירט דורך ביישטייערונגען וואס האבען אנגעטראפען הונדערטער טויזענדער דאלער..

ווי ערקלערט איר אט די זשעדנעקייט איבערצובויען די אמעריקען לייבאר פרטי, נאכדעם ווי מיר האבען אויסגעדריקט אונזער פארדאמונג פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין אמעריקא און דעם היטלער-סטאלין בונד? איז עס אויס ווילען צו העלפען דער אמעריקען לייבאר פארטי, אדער איז עס אויס ווילען צו העלפען דער קאמוניסטישער פארטיי און דער סאוועטען רעגירונג?

איך ערקלער דא, אז אויב די דריי יוניאנס און זייערע פירער ווילען זיך אנשליסען אן דער לייבאר פארטיי, זיינען זיי ווילקאמען. אויב אבער זיי דענקען, אז ניט קענענדיג אנווייזען אויף קיין ביישטראגען אדער געטריישאפט צו דער פארטיי, וועלען זיי קענען קריגען דעם צוטרויען פון אונזערע מיטגלידער און וועלען האבען דעם כח ארויסצווארפען אדער באזייטיגען די וועלכע האבען געבויט די פארטיי, האבען זיי א טעות אין חשבון.

דאס וואס די וואטסאן קאמיטע אנאנסירט, אז זי טרעט אריין אין א קאמף אין די פריימעריס, איז ניט געווען קיין איבערראשונג פאר דער פארטיי פירערשאפט. זינט דעם זעקסטען אקטאבער, ווען דער עדיטאריעל איז ערשינען אין „דעילי ווארקער", האבען מיר געוואוסט וואס צו ערווארטען. אין דעם איצטיגען מאמענט וויל איך ערקלערען, אז דער קומענדער פריימערי קאמף אין אונזער פארטיי וועט ניט זיין קיין קאמף צווישען צוויי פראקציעס אינערהאלב דער פארטיי, נאר עס וועט זיין א קאמף צווישען דער אמעריקען לייבאר פארטי און דער קאמוניסטישער פארטיי, וועלכע האט אפען באפוילען אירע מיטגלידער צו ענראלען זיך אין אונזער פארטיי מיט'ן צוועק צו קאנטראלירען איר אדער איר פארניכטען.

אט דער סארט פאליטישע שארלאטאנסטווא קען פראקטיצירט ווערען אונטער אונזערע וואל-געזעצען, ווייל דאס געזעץ ערלויבט א בירגער צו ענראלען זיך אין וועלכער פאליטישער פארטיי ער וויל. די אמעריקאנער וואל-געזעצען זיינען געשריבען געווארען פאר ערליכע מענשען. עס איז נישטא קיין באשיצונג פאר קיין פאליטישער פארטיי, אויב א צווייטע פאליטישע פארטיי זאל וועלען פארשרייבען אירע מיטגלידער אין דער פארטיי. אויב די דעמאקראטישע פארטיי זאל וועלען ענראלען אירע מיטגלידער אין דער אמעריקען לייבאר פארטי, קען זי גאנץ גרינג ערוויילען יעדען פארטיי באאמטען און פארניכטען אונזער פארטיי. דאס זעלבע קען טאן די רעפובליקאנער פארטיי. דאס איינציגע קען געטאן ווערען מיט דער קאמוניסטישער פארטיי ווען זי וואלט גער האט א פלאץ אויפ'ן באלאט. אבער דאס איז עטוואס וואס ווערט ניט געטאן אין דעם אמעריקאנער פאליטישען לעבען. מענשען באלאנגען בלויז צו דער פאליטישער ארגאניזאציע אין וועלכער זיי גלויבען, און דער פארזוך

---

ארבעטער יוניאן וועט ניט זיין אזוי שלעכט ווי די אלטע יוניאנס אין די בילדינג-טריידס און זי וועט האבען אין זינען אז עס דארפען געבויט ווערען וואס מער הייזער.

## סטרייקס און געווינסטן פאר די ארבעטער דעם מאנאט

אויפ'ן עקאנאמישען פעלד האבען די ארבעטער דעם מאנאט דורכגעמאכט די פאלגענדע סטרייקס און פארצייכענט געווינסטן:

די ניו יארקער טראק-דרייווערס וואס פירען קוילען האבען דורך א סטרייק וואס האט געדויערט דריי טעג געוואונען א העכערונג פון פיר און א האלב דאלאר א וואך אויף די שכירות.

די ניו יארקער פיינטערס יוניאנס האבען ערקלערט סטרייקס געגען א צאל האטעלען, וועלכע באשעפטיגען פיינטערס פאר. מאנאפאליכע געהאלטען וואס זיינען פיל נידעריגער פון די יוניאן-סקיילס. די האטעלען ארבעטען אונטער א קאנטראקט מיט א דיסטריקט-קאונסיל וואס פארטרעט זיבען אמעריקען פעדערישאן יוניאנס אין פארשיידענע האטעל ארבעט צווייגען. די פיינטערס יוניאן האט זיך אנטזאגט אנצושליסען אן דעם קאונסיל אדער אננעמען די נידעריגערע סקיילס פאר די מיינטענענס פיינטערס. עס ווערט איצט געמאכט א פארזוך צו געפינען אן אויסגלייך צווישען די יוניאנס פון דעם האטעל טרייד קאונסיל מיט דער פיינטערס יוניאן.

די יונייטעד מיין ווארקערס יוניאן פון אילינאי האט דורך סטראשען מיט א סטרייק געוואונען איר פאדערונג, אז מען זאל ניט אויפרייסען די דינאמיט אין די מיינס אין דער צייט וואס די ארבעטער זיינען נאך אין דער קוילען-גרוב ביי דער ארבעט. אט די פראקטיק האט באשטאנען אין געפאר די לעבענס פון די ארבעטער. עס איז א סכנה, אז די גרוב-גאזען וואס איז פארגעסען אין וועסט ווירדזשיניא מיין וואו 92 ארבעטער האבען פארלארען זייערע לעבענס איז געקומען דורך אזא אויפרייס, כאטש די אונטערזוכונג פון דעם אומגליק איז נאך ניט פארענדיגט.

די אנגעשטעלטע פון דער פאסטעל טעלעגראף קא. אין פילאדעלפיע האבען, נאך א נייך-שטונדיגען סטרייק וואס האט פאקטיש אנגעשטעלט די דעליווערים פון דערהאלטענע טעלעגראמען אין דעם דיסטריקט, געוואונען זייער פאדערונג אז די קאמפאני זאל זיי ניט ארונטערנעמען פון די שכירות די אגדערטהאלבען פראצענט טעקס וואס די שטאט-רעגירונג האט ארויפגעלייגט אויף די שכירות פון אלע ארבעטער און אנגעשטעלטע אין שטאדט. נאך אנדערע יוניאנס אין פילאדעלפיע פלאנעווען אן אקציע געגען דעם ארונטערנעמען דעם טעקס פון זייערע שכירות. אונזער דרעס יוניאן האט פארקלאגט די אסאסיאישאן אין געריכט פאר'ן ארונטערנעמען דעם טעקס, וועלכעס איז א פארלעצונג פון דעם אגרימענט.

2,000 מילינערי ארבעטער און 350 ריטייל שעפער האבען דעם מאנאט געקראגען א העכערונג פון 1 דאלאר א וואך יעדער און נאך 1 דאלאר העכערונג מיט א יאר שפעטער. אין דעם אגרימענט וואס איז אונטערגעשריבען געווארען פון דער מילינערי ריטיילערס אסאסיאישאן מיט דעם פעדעראל לאקאל 1116 ד. פון דער א. פ. אוו ל.. אן וועלכען די ארבעטער זיינען אנגעשלאסען.

די אינטערנעשאנאל פאקעטבוק מאכער יוניאן האט דעם מאנאט אפיציעל אויסגעשלאסען דעם ניו יארקער לאקאל 1. נאכדעם ווי אלע פארזוכען פון פרעזידענט מאקס זאריצקי פון דער העט, קעפ און מילינערי אינטערנעשאנאל יוניאן, צוזאמענצוברייגען ביידע צדדים און סעטלען דעם סכסוך איז דורכגעפאלען.

פון דער קאָמוניסטישער פארטיי איז פשוטע פּאָליטישע כוליגאַנסטוואָ.

איך קען אייך פאַרזיכערן, אַז די סטייט עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אונזער פארטיי איז ענטשלאָסען ניט צו דולדען אָט די גנבת. מיר וועלען טאָן אַלץ וואָס נאָר מעגליך צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די געריכטען ווען נויטיג, אַזוי גוט ווי די עפענטליכע מיינונג, אָט דעם חוצפּה'דיגען פאַרזוך פון אַ פּאָליטישער פארטיי אַריינצו'גנב'ענען זיך אין די רייען פון אַ צווייטער פּאָליטישער פארטיי.

מיר באַדויערען כלל ניט דעם קומענדען פּריימערי קאמף, ווייל דאָס וועט איין מאָל פאַר אַלע מאָל ערליידיגען די פראגע צי די אַמעריקען לייבאָר פארטיי וועט קענען פאָרזעצען די ארבייט פאר אירע אָריגענעלע צילען צו דינען אירע אידעאלען אין די ראַמען פון דעמאָקראַטישע פּראָצעסען, אָדער זי וועט ווערען אַ געציִיג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי אין די פאראייניגטע שטאַטען און אויפ'ן אינטערנאַציאָנאַלען געביט.

טראָץ דער אָרגאַניזירטער אָפּאָזיציע אין אונזער פארטיי און טראָץ דער גיפטיגער געגנערשאפט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, זיינען מיר דורכגעגאַנגען דעם לעצטען קעמפּיין און דערגרייכט רעזולטאַטען, וואָס אונטער די אומשטענדען באַטראַכטען מיר אלס צופרידענשטעלענד. מיט דעם לעצטען עלעקשאָן, ווי איר ווייסט, זיינען מיר דורכגעגאַנגען אַ פולען ציקעל פון 4 עלעקשאָנס, אַנהויבענדיג מיט אַ פּרעזידענשעל עלעקשאָן, דאָן וואַלען פאר סיטי מעיאָר, גאָווערנאָר און לעצטענס — אַן „אָף יער" עלעקשאָן. דורך די פיר עלעקשאָנס האָט אונזער פארטיי געקראָגען די פאָלגענדע פּראָצענטען פון דער אַלגעמיינער שטימען־צאָל: אין 1936 האָבען מיר געקראָגען 8 פּראָצענט שטימען; אין 1937—20 פּראָצענט; אין 1938 — 15 פּראָצענט און אין 1939 ווידער 15 פּראָצענט.

די 20 פּראָצענט שטימען, וואָס מיר האָבען געקראָגען אין 1937, איז געווען דאָס גרעסטע, און איז הויפּטזעכליך געווען אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס דער הויפּט אויף אונזער טיקעט איז געווען מעיאָר לאַ גוואַרדיא, פאר וועמען עס האָבען געשטימט זיבען הונדערט טויזענט דעמאָקראַטען אויף די רעפּובליקאַנישע, פיוזשאָן און לייבאָר פארטיי וואַל־צעטלען. די פיוזשאָן פארטיי, וועלכע האָט געצויגען 150,000 שטימען פאר מעיאָר לאַגוואַרדיא, האָט געצויגען אַ גאָר קליינע צאָל שטימען פאר אירע קאַנדידאַטען אין די וואַלען זינט דאַמאָלסט. עס איז דעריבער קלאָר, אַז די צוואַנציג פּראָצענט שטימען וואָס מיר האָבען געצויגען אין 1937 איז געווען די לייבאָר פארטי שטימען, צוזאַמען מיט די פּערזענליכע שטימען וואָס לאַ גוואַרדיא האָט געצויגען אויף אונזער טיקעט.

ביי יענעם עלעקשאָן און איבער דער אורזאַך איז אונז געלינגען צו ערוויילען פינף אַסעמבליליייט און 5 קאָונסילמען אויף אונזער טיקעט. דאָס איז אָבער ניט געווען אַ ריינער לייבאָר פארטי וואוט. אונזער ריכטיגער פארטי וואוט, אונזער שטאַרקייט אין דער שטאָט ניו יאָרק איז דער 15 פּראָצענט וואוט וואָס מיר האָבען געצויגען אין 1938—1939. און 15 פּראָצענט שטימען האָט דעם באַלאַנס אָוו פּאַוער אין שטאָט, סטייט, און פיליכט אויך אין לאַנד אין די פּרעזידענט וואַלען אין 1940.

די 15 פּראָצענט שטימען אין 1939 האָבען מיר געצויגען אַן דער שטיצע פון די קאָמוניסטען און טראָץ דער אַקטיווער אָפּאָזיציע אין דער פארטיי, וועלכע האָט אָפען געארבייט געגען אונזערע פארטיי קאַנדידאַטען און געגען אונזער טיקעט. דערצו נאָך האָבען מיר עס געקראָגען אין אַן אָפּאַטישען יאָר, ווען אַ גרויסע צאָל אומאָפּהענגיגע וואוטערס זיינען ניט געווען גענוג פאראינטערעסירט צו באַטייליגען זיך אין די וואַלען, און ווען אַ קליינע צאָל שטימען איז באַטראַכט געוואָרען פאר באַזונדער גינסטיג פאר דער אלט איינגעפונדעוועטער טעמעני מאַשין. דערצו נאָך האָט אונזער פארטיי אין דעם עלעקשאָן אויסגעגעבען די קלענסטע סומע געלט אין פאַרגלייך מיט אונזערע אויסגאָבען אין פריערדיגע עלעקשאָנס. אונטער די אומשטענדען, מוזען מיר באַטראַכטען די 15 פּראָצענט שטימען וואָס מיר האָבען געצויגען אלס אַ דערפאָלג, וועלכער דאַרף אונז צופרידענשטעלען.

אָבער ווער, דענקט איר, האָט אָנגעהויבען אַרונטערשרייען פון די דעכער, אַז די פארטיי האָט געליטען שרעקליכע פאַרלוסטען? איך וויל אייך דאָ לעזען כמעט אין צירקולאַר וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון אַ אַזוי גערופענעם לייבאָר פארטי קלוב, אונטערגעשריבען פון מר. האָרקאָווי, וועלכער איז דאָ איצט אַנוועזענד. דאָרט זאָגט זיך:

„דער ראָוו, וואַלדמאַן, דובינסקי גיינג איז געלונגען צו צעשמעטערען דעם לייבאָר פארטי וואוט אין די לעצטע וואַלען. אָט די חברה, וועלכע האָט אַלעמאָל געוואוסט ווי צו שפּילען די טעמעני האָל געים, האָט פּרובירט אַרונטערשטופּען אין האַלז פון די מיטגלידער אַ פּראָמלחמה וואָל סטריט פּאָליסי. דער רעזולטאַט איז געווען אַז צענדליגער טויזענדער וואוטערס האָבען זיך אָפּגעקערט מיט פאַראַכטונג פון דער א. ל. פּ."

קענט איר זיך פאָרשטעלען אַ לאָיאַלען מיטגליד פון אַ פּאָליטישער פארטיי, וועלכער זאָל עפענטליך זוכען צו פארמינערען דעם כח און די וויכטיגקייט פון זיין פארטיי? קענט איר זיך פאָרשטעלען די חוצפּה פון מענשען וועלכע זיינען געווען אַקטיוו אין דעם קאמפּיין געגען די קאַנדידאַטען פון אונזער פארטיי, וועלכע האָבען אין עלעקשאָן טאָג ניט געשטימט פאר דעם פארטיי צעטעל, און באַקלאָגען נאָכדעם אין דער עפענטליכקייט די פארלוסטען פון דער פארטיי? דערמאָנט עס אייך ניט אָן דעם קופערנעם שטערען פון איינעם וואָס ווערט באַשולדיגט אַז ער האָט ערמאָרדעט זיין טאַטע־מאַמע און ער אַפּעלירט צום ריכטער פאר מיטלייד אויפ'ן גרונט וואָס ער איז אַ... יתום?

די אַמעריקען לייבאָר פארטי האָט פאַרלאָרען שטימען. אָבער די זיינען געווען קאָמוניסטישע שטימען און די א. ל. פּ האָט זיי געוואָלט פאַרלירען! פאר יעדע קאָמוניסטישע שטימע אָבער, וואָס מיר האָבען פאַרלאָרען, האָבען מיר געוואונען אַן אַנדער שטימע, און צוזאַמען דערמיט האָבען מיר געוואונען דעם פּרעסטיזש און די רעפּוטאַציע פון זיין אַ ריינע אַמעריקאַנער ארבייטער פארטיי, געטרייע די אידעאַלען פון אַמעריקאַנער דעמאָקראַטי און ענטשלאָסען צו ארבייטען פאר אירע אידעאַלען אין די ראַמען פון אונזער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע. נאָך די איצטיגע וואַלען וועלען מיר מער ניט דאַרפען אַרומגיין זיך פאַרענטפערען פאר דער וועלט אַז מיר זיינען ניט קיין קאָמוניסטישע פארטיי.

לויט מיין מיינונג, שטייט פאָר אַ גרויסע געלעגנהייט פאר דער אַמעריקען לייבאָר פארטי. דער אָריגינעלער צוועק פאר וועלכען די פארטיי איז אָרגאַניזירט געוואָרען איז נאָך איצט פונקט אַזוי וויכטיג ווי עס איז געווען אין אָנהויב. מיר דערנענטערען זיך צו אַ פאַרמעסט אין כוחות דאָ אין לאַנד צווישען רעאַקציע און ליבעראַליזם. אין דעם קאמף, הענגט דער גורל פון ארבייטער קלאַס און פון מיטעל־קלאַס אין וואָגשאָל. די ניו דיל פילאָזאָפיע, וועלכע איז געווען די הויפּט סיבה פאַרן געבורט פון אונזער פארטיי, באַגעגענט אַ גרויסע געגנערשאַפט פוןביידע, סיי פון דער רעפּובליקאַנער פארטיי און סיי פון טיילען פון דער דעמאָקראַטישער פארטיי. דער ניו דיל דאַרף האָבען אַ פאַרטיי וואָס זאָל קעמפען פאר זיינע צילען, עס דאַרף אַ פּאָליטישע פארטיי וואָס זאָל עס אַדאָפּטירען אלס אייגען קינד. עס נויטיגט זיך אין אונזער אַמעריקען לייבאָר פארטי אָנצופירען דעם קאמף געגען די פּריווילעגירטע קלאַסען אין אונזער לאַנד, וועלכע זיינען פאַרהאַרטעוועט צו די נויטען און פאַרלאַנגען פון פאָלק, און אויך געגען די צוטומעלטע עלעמענטען אין מיטעל קלאַס, וועלכע ווילען ווידער אָוועקשענקען זייער גלויבען און צוטרויען צו דער אַזוי גערופענער „געשעפטס־פירערשאַפט" פון לאַנד.

די עקזעקוטיוו קאָמיטע פון דער אַמעריקען לייבאָר פארטי, פאר וועמען איך גיב אייך דאָ היינט אָפּ דעם באַריכט, איז זיך גוט באַוואוסט אויף דער גרויסער פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס עס ליגט אויף אירע אַקסלען. זי ווייסט אויך די גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייטען וואָס שטייען אונז פאָר. מיר זיינען איבערצייגט, אַז מיר האָבען די שטיצע פון אַלע אויפריכטיגע, איבערגעגעבענע און ערליכע וואוטערס פון דער אַמעריקען לעיבאָר פארטי.

# פּרעז. דובינסקי'ס ראַדיאָ־רעדע ביים לאָנטשען פון דער ארבעטער־אָפּטיילונג פאר הילף פאר פינלאַנד

דער הילפס קאָמיטעט פאר די ציווילע קרבנות פון דעם רוסישען אָנגריף אויף פינלאַנד האָט אָרגאַניזירט אַן אָרבייטער אָפּטיילונג צו שאַפען הילף צווישען די אָרגאַניזירטע ארבייטער אין אַמעריקע. צו דער אָפּטיילונג באַלאַנגען די העכסטע פירער פון דער טרייד יוניאָן באַוועגונג אין לאַנד, צווישען וועלכע עס איז אויך פּרעזידענט דובינסקי. ביי אַ לאָנטשען וואָס די אַרבייטער אָפּטיילונג פון דעם הילפס קאָמיטעט האָט געהאַט האָט פּרעזידענט דובינסקי געהאַלטען די פאָלגענדע רעדע וועלכע איז איבערגעגעבען געוואָרען אויף דער ראַדיאָ איבערן גאַנצען לאַנד:

„די אַמעריקאַנער ארבייטער וועלען ניט האָבען געטאָן זייער פליכט, אויב זיי זאָלען ניט געבען די העכסטע מאָס פון הילף צו דער אומגליקליכער, ציווילער באַפעלקערונג פון פינלאַנד אין דער שטונדע פון אירע העכסטע ליידען און נויט.

„אונטער פאַנטאַסטישע באַשולדיגונגען אַז פינלאַנד שטעלט אין געפאַר די זיכערקייט פון דער סאָוועטען רעגירונג, האָבען די באַוואָפענטע כוחות פון סטאַלינ'ען אַטאַקירט די פרידליכע רעפּובליק פון פינלאַנד אפילו אָן דער פאָרמאַליטעט פון אַ קריגס דערקלערונג און אין פאַרגוואַלדיגונג פון איר ניט־אָנגריף אָפּמאַך מיט דעם לאַנד. די אַרבייטער באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט איז אויפגעשוידערט דורך דעם אַקט פון פאַרראַט פון די אינטערעסען פון די אַרבייטער דורך אַ רעגירונג וועלכע פּאָזירט נאָך אַלץ אַלס די באַשיצערין פון אַרבייטער קלאַס. אין ליכט פון דעם וואָס עס קומט איצט פאָר אין פינלאַנד און אין אָנגעזיכט פון דעם פאַרבאַנד צווישען היטלער און סטאַלין, האָט די סאָוועטישע זעלבסט־הערשאַפט ניט מער רעכט צו רעדען אין נאָמען פון די אַרבייטער ווי דער בלוטיגער רעזשים פון נאַצי־דייטשלאַנד.

„פינלאַנד איז אַן אמת דעמאָקראַטישע לאַנד. קיין שום פּראָפּאַגאַנדע אָדער צעדרייעניש פון פאַקטען דורך מאָסקווע און אירע אַגענטען דאָ אין לאַנד קענען ניט פאַרטונקלען אָט דעם פאַקט. די רעגירונג פון פינלאַנד באַשטייט פון' אַ קאָאַליציע פון פאָרטרעטער פון סאָציאַל־דעמאָקראַטען, אָרגאַניזירטע אַרבייטער און פּויערים גרופען און די קאָאָפּעראַטיוון.

„די אַרבייטער פון פינלאַנד האָבען ניט איינגעלאַדען סטאַלינ'ען צו באַפרייען זיי פון אונטערדריקער, ווי ער באַהויפּטעט עס מיט אַזאַ חוצפּה. עס איז געווען די שותפות מיט היטלער'ן און די פרייע האַנט אין די באַלטישע לענדער וואָס סטאַלין האָט פון אים געקראָגען, וואָס האָט אַריינגעשיקט די סאָוועטישע אַרמיי אין עסטאָניע, לאַטוויע, ליטע און איצט אין פינלאַנד. די סאָוועטען פּאָליסי לגבי פינלאַנד, איז די זעלביגע פּאָליסי פון אימפּעריאַליזם און אָנגריף וועלכע האָט באַוואויגען נאַצי־דייטשלאַנד אַריינצודרינגען און פאַרשקלאַפען עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און פּוילען.

„וואָס אַרט עס סטאַלינ'ען ווען זיינע באָמבע עראָפּלאַנען הרג'ענען פרויען און קינדער אין אָפענע, אומבאַפעסטיגטע שטעט אין פינלאַנד? וואָס קימערט עס זיין רעזשים ווען צענדליגער טויזענטער אומשולדיגע, רוסישע סאָלדאַטען ווערען געבראַכט אַלס קרבנות אויפ'ן מזבח פון דער אימפּעריאַליסטישער אַוואַנטיורע? אין זיין בריף צו זיין כאַווער אַדאָלף היטלער דאָ ניט לאַנג צוריק, האָט סטאַלין זיך אָפען באַרימט מיט זייער „בונד פון פריינטשאַפט וואָס איז צעמענטירט מיט בלוט". די אַרבייטער אין דער גאַנצער וועלט ווייסען איצט מיט וועלכע בלוט היטלער און סטאַלין זיינען צונויפגעקלעפּט. דאָס איז די בלוט פון די פעלקער פון עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און פּוילען, און איצט — מיט דעם בלוט פון פינישען פאָלק.

„דער העלדישער קאמף וואָס די דעמאָקראַטיע פון קליינעם פינלאַנד פירט אָן געגען דער מאָסקווער זעלבסטהערשאַפט האָט אָנגעצונדען די פאָרשטעלונגס קראַפט פון דער גאַנצער וועלט. די אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין אַמעריקע דאַרפען זיין — און איך האָף — וועלען זיין אין די פאָדערשטע רייען אָנצובאַטען הילף די קעמפענדע בירגער פון פינלאַנד און העלפען זיי באַשיצען די פרייע אַרבייטער באַוועגונג פון זייער לאַנד. די אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן איז שטאָלץ אויף איר רעקאָרד פון העלפען די קרבנות פון דיקטאַטור און אוממענשליכקייט אין שפּאַניע, דייטשלאַנד, עסטרייך, פּוילען און אַנדערע פלעצער און טוט איצט איר טייל אין העלפען די קרבנות פון איבערפאַל אין פינלאַנד.

„לאָמיר באַגעגענען אונזער פליכט מיט אָפענע הערצער און גרויסמוטיגען גייסט. עס פאָדערט דער מיטגעפיל פון די אַמעריקאַנער אַרבייטענדע מאַסען און זייער באַלדיגע הילף".

# נייעס און פאסירונגען אין אונזער אינטערנעשאנעל

## ניו יארק דער שטורעם-צענטער אין אנהויב פון דעם נייעם יאר



ער שטורעם-צענטער פון אונזער אינטערנעשאנאל דורך דעם ערשטען מאנאט פון דעם נייעם יאר איז ווידער געוועזן ניו יארק. די קלאוק דזשאינט באארד האט מוטיג פארטגעזעצט איר קאמף צו פארשטארקען דעם קאנטראל פון דער יוניאן און ברייגגען די קלאוקמאכער א גרעסער שטיקעל ברויט אין דעם קומענדען יאר. מיט דעם צוריקקומען פון דזשענעראל מענעדזשער האכמאן פון זיין אפרו-רייזע, האט די דזשאינט באארד זיך ווידער גענומען צו דער ארבעט פון לעזען די שווערע פראבלעמען מיט וועלכע די דרעס-אינדוסטריע ראנגעלט זיך און צוריקשלאגען די אטאקעס פון די עלעמענטען וואס ווילען אויסנוצען די שווערע אינדוסטריעלע לאגע אין טרייד אפצושוואכען די יוניאן-פאזיציעס. אויך די אנדערע לאקאלס פון אונזער אינטערנעשאנאל אין ניו יארק, די אין די קלענערע אינדוסטריען, האבען דורך דעם פארגאנגענעם מאנאט פארציכענט געוויסען פארטשריטס.

פון אונזערע לאקאלס איבער'ן לאנד קומען אויך אן באריכטען וועגען מאנכע דערגרייכונגען, אבער איבערהויפט פון וויכטיגע צוגרייטונגען צו ענערגישער ארבעט וואס וועט אין דער נאענטער צוקונפט זיך פאנאנדערוויקלען. איבערהויפט קומען אן אזוינע באריכטען פון פאסיפיק קאוסט און פון דער סאוטה-וועסט.

## סלאוק טרייד אין ברוקלין אפגעשטעלט

ווען די שורות ווערען געשריבען, איז די ארבעט אין אלע קלאוק שעפער אין ברוקלין אפגעשטעלט געווארען אויפ'ן רוף פון דער קלאוק דזשאינט באארד. מיטוואך, דעם 24טען יאנואר, האט די יוניאן מאביליזירט איר גאנצען שטאב און האט זיך ארונטערגעלאזט אין ברוקלין פארטאג. דער סטאפעדזש איז גערופען געווארען פאר צען אזייגער אין דער פרי. גערעכענט האט מען, אז עס וועט נעמען א שטיקעל צייט ביז עס וועלען אפגעשטעלט ווערען אלע שעפער אין דעם שטאדט-טייל, סיי די יוניאן-שעפער און סיי די ניט-יוניאן שעפער וועלכע האבען זיך לעצטענס אנגעפלאדיעט אין ברוקלין אין א גאנץ היפשער צאל. די פירער פון דער יוניאן זיינען אבער געווען אנגענעם איבערראשט. ווען כמעט אלע שעפער זיינען אפגעשטעלט געווארען צו דער מינוט און מיט צוויי שטונדען שפעטער, ווען עס זיינען געעפענט געווארען די מאסען-פארזאמלונגען, איז געווען אזא געדרענג, אז מען האט אין וויליאמסבורג געמוזט נעמען נאך צוויי האלס ווייל דער ערשטער זאל האט ניט געקענט אריינגעמען אלע סטרייקער וואס זיינען געקומען צום מיטינג.

דער סטאפעדזש אין ברוקלין איז געוועזן פארזיכטיג און גוט צוגעגרייט. די דזשאינט באארד האט פריהער דורך ווארט און שריפט באקענט די מיטגלידער און די ארבעטער אין די שעפער מיט'ן צוועק, פאר וועלכען דער סטאפעדזש ווערט גערופען, און וואס די יוניאן זוכט צו דערגרייכען דערמיט. וויס פרעזידענט ישראל פיינבערג, גענעראל מענעדזשער פון דער קלאוק דזשאינט באארד, האט ביי פארשיידענע מיטינגען און דורך דער פרעסע און אויפרופען קלאר געמאכט, אז דאס איז נישט קיין סטרייק; אז די יוניאן קלייבט זיך ניט צו שטעלען נייע באדינגונגען די בעלי בתים. אלץ וואס די יוניאן וויל איז, זעהן אז די ברוקלינער קלאוקמאכער זאלען קריגען די זעלביגע יוניאן-באדינגונגען און איינשטעלען דארט דעם זעלבען קאנטראל וואס די יוניאן האט אין אנדערע שעפער. ברוקלין, — האט פיינבערג אנגעוויזען, — איז פאר א לענגערע צייט געוועזן די וואונד אין דעם קערפער פון די ארגאניזירטע קלאוקמאכער. אין פארלויף פון דעם סטאפעדזש וועט די יוניאן האבען א מעגליכקייט צו מאכען א גענויע אונטערזוכונג פון די באדינגונגען וואס עס הערשען אין די יוניאן-שעפער און אויסגלייכען זיי מיט די באדינגונגען אין מאנהעטען. דורך דעם סטאפעדזש וועט די יוניאן אויך האבען די מעגליכקייט אפצושטעלען די ארבעט און ארגאניזירען די ניט-יוניאן שעפער.

א וואך איידער דער סטאפעדזש איז גערופען געווארען, האט די יוניאן אפגעהאלטען אין ברוקלין א מאסען-פארזאמלונג פון די ארבעטער וואס ארבעטען אין די ברוקלינער שעפער. שוין דער באזוך ביי דער פארזאמלונג און דער ענטוזיאזם פון די ארבעטער האט באוויזען אז די ברוקלינער קלאוקמאכער זיינען גרייט צו קעמפען פאר זייערע רעכטען און באדינגונגען. איבער עלף הונדערט פון זיי זיינען געקומען צום מיטינג און ענטוזיאסטיש אויפגענומען די לאזונג פון די רעדנער „צוריקצושטעלען די יוניאן מאכט אין ברוקלינער קלאוק מארקעט".

דער טשערמאן פון מיטינג, אסיסטענט גענעראל מענעדזשער פון דזש. ב., לעפקאוויץ, האט געגעבען דער פארזאמלונג דעם טאן, פארזיכערענדיג די ארבעטער אז די יוניאן קומט ניט מיט'ן צוועק אוועקצונעמען די ארבעט פון די ברוקלינער שעפער, ווי מאנכע באסעס האבען די געזוכט איינצורעדען. נאר צו געווינען פאר זיי די זעלביגע יוניאן באדינגונגען וואס די ניו יארקער ארבעטער האבען.

דזשענעראל מענעדזשער פיינבערג האט ביים מיטינג ערקלערט די לאגע און די צילען פון. דער יוניאן אין דעם קאמפיין. דער מיטינג איז אויך אדרעסירט געווארען פון ערשטען וויים-פרעזידענט לואידזשי אנטאניני, אנטאני קאטאנע, פרענק קאמונאלע, אסיסטענט מענעדזשער פון לאקאל 48 און בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער פון לאקאל 117.

ווי די פירער פון דער יוניאן ערקלערען, ווערט ערווארטעט אז דער סטאפעדזש זאל ניט דויערען לאנג. א ספעציעלע קאמיטע פון דער יוניאן פירט אן די ארבעט. די קאמיטע באשטייט פון בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער פון לאקאל 117, טשערמאן; יוסף ברעסלאו, מענעדזשער פון לאקאל 35 קלאוק פרעסערס יוניאן; עדווארד מאליסאני, מענעדזשער פון איטאליענישען קלאוקמאכער לאקאל 48; איזידאר סארקין, מענעדזשער פון דער פינישערס יוניאן לאקאל 9; איזידאר נאגלער, מענעדזשער פון דער קאטערס יוניאן לאק. 10; דזשארדזש רובין פון דעם קלאוק אוט און טאון דעפארטמענט; מעקס סילווערמאן, אנטאני קאטאנע און פרענק קאמונאלע. נאכ'ן סטאפעדזש וועט די יוניאן צוריק איינשטעלען די יוניאן-אפיסעס אין ברוקלין, וועלכע זאלען אויפפאסען און קאנטראלירען דעם דיסטריקט.

אין פארבינדונג מיט דעם סטאפעדזש אין ברוקלין האט די יוניאן געמאכט אלע פארברייטונגען, אז דזשאבערס וועלכע מאכען זייער ארבעט אין ברוקלינער קאנטראקטינג-שעפער און גיבען אויך ארויס ארבעט אין שעפער אוט און טאון זאלען אזוינע שעפער אפגעשטעלט ווערען צוגלייך מיט ברוקלין.

## לאקאל מיטינגען פארהאנדלען וועגען ארבעטסלאזע

דריי לאקאלס פון דער קלאוקמאכער יוניאן אין ניו יארק האבען ביי זייערע לעצטע מיטינגען ארומגערעדט די פראגע פון ארבעטסלאזע מיטגלידער און ווי אזוי זיי צו העלפען. די לאקאלס זיינען די אפערייטארס לאקאל 117, פרעסערס לאקאל 35 און פינישערס לאקאל 9.

ביים אפערייטארס לאקאל 117 האט דער מענעדזשער בענדזשאמין קאפלאן זיך איבערהויפט אפגעשטעלט אויף דעם פונקט אין אגרימענט, וואס פאדערט אז אין יעדען יוניאן-שאפ זאלען ארבעטען וועניגסטענס 14 מאשינען. ער האט ערקלערט, אז דער לאקאל האט געמאכט אן אונטערזוכונג אין די שעפער און וויים איצט גענוי די צאל אפערייטארס. דער לאקאל האט דעם פארשפרעכען פון דער דזשאינט באארד, אז אזוי שנעל ווי עס וועט זיין ארבעט, וועט געטאן ווערען אלץ וואס מעגליך אז דער פונקט פון אגרימענט זאל דורכגעפירט ווערען.

ביי א ספעציעלען מיטינג פון דער קלאוק פרעסערס יוניאן לאקאל 35 איז דער סיסטעם פון הילף פאר ארבעטסלאזע, וואס דער לאקאל האלט אן שוין עטליכע יאר, געענדערט געווארען אין איין הינזיכט. דער סיסטעם ביז איצט איז געווען, אז יעדער פרעסער וואס ארבעט, איז פארפליכטעט צו געבען איין טאג ארבעט יעדען סעזאן פאר אן ארבעטסלאזען אדער באצאלען עלף דאלאר פאר דעם צוועק פאר וועלכען ער קריגט א ספעציעלען סטעמפ אין ביכעל. ביי דעם מיטינג האט די עקזעקוטיוו באארד רעקאמענדירט, אז ארבעטער פון א שאפ וואס נעמען ארויף אן עקסטרא פרעסער פאר איין סעזאן, זיינען באפרייט פון דעם טאג ארבעט אדער וועלכע עס איז אנדער ביישטייערונג פאר די ארבעטסלאזע. די רעקאמענדאציע איז גוטגעהייסען געווארען און דער לאקאל האט רעגיסטרירט די ארבעטער וואס נעמען ארויף אן עקסטרא פרעסער פון דעם 8טען ביז'ן 20טען יאנואר. דער לאקאל ערווארט, אז דורך דעם סיסטעם וועט אים געלינגען צו קריגען מער דזשאבס פאר ארבעטסלאזע ווי עס איז געשאפען געווארען לעצטען יאר, ווייל פאר פילע פרעסער וועט זיך בעסער לוינען ארויפצונעמען נאך א מענשען פאר'ן סעזאן איידער געבען די טעג.

ביים ספעציעלען מיטינג איז שוין אויך אין איין וועג דיסקוטירט געווארען אין אלגעמיין די פראגע פון שטיצע פאר די ארבעטסלאזע וואס דער לאקאל האלט אן. א גרויסע צאל מיטגלידער האבען זיך באטייליגט אין דער דיסקוסיע. וויים פרעזידענט יוסף ברעסלאו, מענעדזשער פון לאקאל, האט איינגעלייטעט און רעזומירט די דיסקוסיע. פארשיידענע מיינונגען זיינען ארויסגעזאגט געווארען איבער דער פראגע. מאנכע זיינען געווען דערפאר אז מען זאל די סיסטעם אין גאנצען אויפגעבען; אנדערע האבען פארלאנגט, אז מען זאל זי ענדערען. באשלאסען געווארען איז, אז מען זאל אנהאלטען די סיסטעם פאר'ן ספרינג-סעזאן און מען זאל אויפנעמען די פראגע פון ענדערונגען נאכ'ן סעזאן.

אין דער פינישערס יוניאן לאקאל 9 איז אפגעהאלטען געווארען א ספעציעלע קאנפערענץ פון דער ארגאניזאציאנס-קאמיטע פון לאקאל מיט די באאמטע צו פארשטארקען דעם קאמפיין פון דער יוניאן אוועקצושטעלען ארבייטסלאזע פינישערס אויף דזשאבס. דער מענעדזשער פון לאקאל, ברודער איזידאר סארקין, האט אויפגעפאדערט דעם סטעף דורכצוגיין אלע שעפער און זען אוועקזעצען מער פינישערס צו דער ארבעט איבעראל וואו מען קען נאר קריגען פאר זיי באשעפטיגונג. סארקין האט ביי דעם מיטינג אויך אויפמערקזאם געמאכט דעם סטעף אויף דער נויטיגקייט צו זיין פארזיכטיג ביים סעטלען פרייזען פאר די פינישערס צום נייעם סעזאן, אין איינקלאנג מיט דער פאליסי פון דער דזשאינט באארד אין דער ביליגער ליין און אונטערשטרייכענדיג די נויטווענדיגקייט אויפצוהאלטען דער יוניאנ'ס הויכע סטאנדארדס אין דער בעסערער ליין ארבעט.

די זעלבע פראגע איז אויך פארהאנדעלט געווארען ביי אן אלגעמיינער פארזאמלונג פון די מיטגלידער, דאנערשטאג, דעם 11טען יאנואר. ביי דעם מיטינג האט סארקין באריכטעט אויך וועגען דער לאגע אין טרייד און וועגען די צוגרייטונגען פאר'ן סטאפעדזש אין ברוקלין.

## 50-יאריגער יובילייי פון וויים-פרעזידענט י. העלער ווערט געפייערט

נאענטע פריינד און מיטארבייטער אין דער אינטערנעשאנעל פון וויים-פרעזידענט, י. העלער, ארגאנזירען דעם מאנאט א פייערונג פון זיין 50-יאריגען געבורטסטאג. אין דער קאמיטע, וואס ארגאנזירט די פייערונג זיינען אריין א גרויסע צאל וויים-פרעזידענטען פון דער אינטערנעשאנעל; פירער פון דער קלאוק דזשאינט באארד און לאקאלס; יוניאן טוער פון די ריפער מאכער, ווערמעס מענעדזשער דער בעל יובל איז געוועזן דורך די אלע יארען וואס זיי האבען געהאט א באזונדער לאקאל אין דער אינטערנעשאנעל, ביז דער פאראייניגונג פון



וויים-פרעזידענט י. העלער

לאקאלס איינס און זיבעצן, און פילע פערזענליכע פריינד.

העלער'ס יובילי וועט געפייערט ווערען מיט א באנקעט, מיטוואך, דעם 21טען פעברואר, אין מאנהעטען סענטער. צו דער געלעגענהייט ווערט ארויסגעגעבען א סאוועניר־זשורנאל, אין וועלכען עס באטייליגען זיך מיט ביטראגען די וויכטיגסטע פירער פון דער ארבייטער און ראדיקאלער באוועגונג אין ניו יארק.

## קלאגען פון דרעס קאנטראקטארס צוריקגעוויזען פון אימפארשעל טשערמאן

די לאגע אין דער דרעס אינדוסטריע איז א שווערע. לײדען דערפון, ווי געווײנליך, אלע וואס זיינען פארבונדען מיט דער אינדוסטריע און מאכען א לעבען דערפון. די ארבעטער זיינען, ווי אלע מאל, די וואס לײדען אם מערסטען. אבער אויך די קאנטראקטארס לײדען ווען עס איז נישטא גענוג ארבעט. אבער אנשטאט צו קאאפערירען מיט דער יוניאן און זוכען געמיינשאפטליך א לייזונג פון די פראבלעמען, האט זיך די יונייטעד פאפיולאר אסאסיאיישאן גאר גענומען באשולדיגען די יוניאן, אז זי איז שולדיג אין אלע צרות.

דעם מאנאט האט זיך דעריבער די פירערשאפט פון דער אסאסיאיישאן גענומען און אריינגעבראכט קלאגען געגען דער דרעס דזשאינט באארד, צום אימפארשעל טשערמאן, אז די יוניאן פארלעצט דעם קאלעקטיוועז אגרימענט דערמיט וואס זי ערלויבט און ערמוטיגט מאנופעקטשורערס צו פארגרעסערען די צאל מאשינען אין די אינסייד־שעפער און נייע שעפער זיך צו עפענען. די אסאסיאיישאן האט אייך באשולדיגט די יוניאן אין א פארשווערונג אוועקצונעמען די ארבעט פון זייערע מעמבערס און זיי ארויסטרייבען פון ביזנעס.

די אסאסיאיישאן האט א פנים אויך געזוכט צוצוגרייטען די עפענטליכע מיינונג פאר איר צד, נאך איידער די קלאגען ווערען אויפגענומען פאר'ן אימפארשעל טשערמאן. זיי האבען דעריבער פארעפענטליכט די קלאגען אין דער „וואומענס ווער" נאך איידער די יוניאן האט געקראגען א קאפיע פון די קלאגען. מען האט אויך געזוכט צו שאפען שטימונג אין דער פרעסע דורך דער צייט וואס דזשענעראל מענעדזשער האכמאן איז געווען אוועקגעפארען צום ערהאלען זיך. האט אלץ אויסגעקוקט גוט, ביז עס איז געקומען צום פארהער און די אסאסיאיישאן האט געדארפט באווייזען אירע קלאגען געגען דער יוניאן פאר דעם אומפארטייאישען טשערמאן. ביים פארהער אבער האט די גאנצע אנגעלעגענהייט באקומען אן אנדער פנים, אזוי שנעל ווי דזשענעראל מענעדזשער האכמאן האט זיך צוגערירט און אנאליזירט דעם אינהאלט און דעם אופן ווי אזוי די קלאגען זיינען אריינגעבראכט געווארען.

דער פארהער פאר'ן אימפארשעל טשערמאן וועגען די קלאגען איז געהאלטען געווארען דינסטאג, דעם 23טען יאנואר. די אטמאספערע אין אנפאנג איז געווען א זעהר אנגעשטרענגטע. דער האל, וואו דער פארהער איז געהאלטען געווארען, איז געווען איבערגעפאקט מיט מענשען. עס זיינען צום פארהער געקומען א צאל פירער און באאמטע פון דער יוניאן, פארטרעטער פון דער אסאסיאיישאן פון דער בעסערער לאין דרעסעס און פון דער פאפולאר, פארטרעטער פון דער טראקערס אסאסיאיישאן און אנדערע וואס זיינען פארבונדען מיט'ן טרייד. נעט באריסקין, מענעדזשער פון דער יונייטעד פאפיולאר, איז געקומען צום פארהער מיט זיין לאיער דזש. אוירווינג שאפירא, וועלכער האט עס געדארפט אנפירען די אנקלאגע. אין דער איינלייטונג האט טאקע דער לאיער ניט געזשאלעוועט קיין שטארקע ווערטער. גאנץ אנדערש האט אבער דער ענין אויסגעזען ווען דזשענעראל מענעדזשער האכמאן האט זיך אויפגעשטעלט און אנגעוויזען, אז די גאנצע פראצעדורע וואס די אסאסיאיישאן האט גענוצט ביים אריינברענגען די קלאגען, איז א ניט־געזעצליכע לויט די פארשריפטען פון אונזער אגרימענט.

לויט דעם אגרימענט, דארפען אלע סכסוכים אויפגענומען ווערען פון די באאמטע פון דער יוניאן און פון דער אסאסיאיישאן אין א פארזוך צו שליכטען זיי. בלויז ווען זיי קענען זיך ניט אייניגען, ווערט די פראגע געבראכט צום אימפארשעל טשערמאן פאר אן אנטשיידונג וועלכע איז בינדענד פאר ביידע צדדים. ווען איינער אנטזאגט זיך אויסצופאלגען די אנטשיידונג, בלויז דאמאלט קען מען אים פארקלאגען פאר'ן אימפארשעל טשערמאן פאר ברעכען דעם אגרימענט.

אין דעם פאל אבער האט די קאנטראקטארס אסאסיאיישאן ניט פארגעלייגט פאר די יוניאן־פארטרעטער אירע טענות, נאר האט גלייך אריינגעגעבען א קלאגע צום אימפארשעל טשערמאן, אז די יוניאן פארלעצט דעם אגרימענט בייזוויליג, ערלויבענדיג מאנופעקטשורערס צו פארגרעסערען זייערע אינסייד שעפער און נייע שעפער צו עפענען זיך אוועקנעמענדיג דורך דעם די ארבעט פון קאנטראקטארס וואס זיינען מיטגלידער פון דער אסאסיאיישאן. דזשענעראל מענעדזשער האכמאן האט דעריבער גלייך ביים אנהויב פון פארהער אנגעוויזען, אז דער אימפארשעל טשערמאן קען ניט אויפנעמען די קלאגע, ווייל די אסאסיאיישאן האט עס ניט אריינגעבראכט לויט די רולס פון אגרימענט. אין דער אנטשיידונג האט יאוועליער געגעבען דער יוניאן גערעכט און עס איבערגעשיקט צו פארטרעטער פון דער יוניאן און אסאסיאיישאן צו פארהאנדלען.

מיט דער אויסנאמע פון דעם פארדרוס, וואס האכמאן האט ארויסגעוויזען פאר דער ארט און וויזע ווי אזוי די אסאסיאיישאן האט געזוכט צו שאפען שטימונג „פאר דער גאליארקע" ווי ער האט זיך אויסגעדריקט, דורך ארויסקומען אין דער פרעס מיט די קלאגען נאך איידער עס איז איבערגעגעבען געווארען דער יוניאן, האט האכמאן זיך דוקא געהאלטען פריינדליך צו די פארטרעטער פון דער אסאסיאיישאן. ער האט ערקלערט, אז ער פארשטייט אז די קאנטראקטארס לײדען איבער דער איצטיגער לאגע אין דרעס טרייד, אבער פון געשרייען און פובליסיטי, — האט ער אנגעוויזען, — קען מען קיין הילף ניט ערווארטען. ער האט אנגעוויזען, אז די ארבעטער לײדען מער פון דער שלעכטער לאגע ווי די קאנטראקטארס; אז די יוניאן האט אלע מאל אפגעהיט און היט איצט אפ דעם אגרימענט. ער האט אנגעוויזען, אז די יוניאן האט ניט קיין רעכט צו אנטזאגען א װארקינג־קארד צו א שאפ, וואס איז אין אן אסאסיאיישאן אויף איר אייגענער אחריות און בלויז ווען איינער ווערט אויסגעשלאסען פון דער אסאסיאיישאן קען די יוניאן נעמען שרים געגען אים. ער האט דעריבער געפרעגט די פארטרעטער פון דער אסאסיאיישאן, פאר וואס זיי האבען ניט פארקלאגט די בעלי בתים, וואס האבען געעפענט די שעפער אדער פארגרעסערט די צאל מאשינען? נאך מער, ער האט געמאכט באריסקינען צוגעבען, אז ער האט אין א געשפרעך אים אויפגעפאדערט צו געבען באווייזען אז ווער עס איז פארלעצט דעם אגרימענט אין דער הינזיכט בייזוויליג און די יוניאן וועט אים פארקלאגען. אבער באריסקין האט אים געזאגט, אז קיין קלארע באווייזען וועגען דעם האט ער ניט.

נאך דער אנטשיידונג פון דעם אימפארשעל טשערמאן האט האכמאן ערקלערט, אז וואס אנבאלאנגט די פראבלעמען וועגען וועלכע די קאנטראקטארס אסאסיאיישאן באקלאגט זיך, איז די יוניאן גרייט אויפצונעמען זיי אין קאנפערענץ מיט זייערע פארטרעטער. אום עס זאל ניט קענען זיין קיין פראגע פון פארטייאישקייט צום די יוניאן פאר, אז דער אימפארשעל טשערמאן, מר. יאוועליער, זאל זיין פארזיצענדער פון די קאנפערענצען. די פארטרעטער פון דער אסאסיאיישאן האבען דערצו צוגעשטימט נאכדעם ווי זיי האבען זיך צווישען זיך דורכגערעדט איבער דעם פארשלאג פון דער יוניאן. יאוועליער האט דאן אנאנסירט, אז ער וועט צוזאמענרופען אזא קאנפערענץ אין דער נאענטער צוקונפט.

## נייער אגרימענט אין טשילדרען דרעס טרייד· אונטערגעשריבען

א גענעראל סטרייק אין טשילדרען דרעס טרייד אין ניו יארק איז אויסגעמידען געווארען אין דער לעצטער מינוט, ווען די קאנפערענץ קאמיטע פון לאקאל 91 האט זיך געאייניגט מיט דער דזשואוועניל אפארעל מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן פאר א נייעם אגרימענט אין טרייד.

די וויכטיגסטע פונקטען אין דעם נייעם אגרימענט זיינען: 1) עס זאל גלייך אויסגעארבייט ווערען א בעסערע סיסטעם פון ענפארסען די פארשריפטען און באדינגונגען פון אגרימענט; 2) אלע שיפינג קלוירקס דארפען זיין מיטגלידער פון דער יוניאן און ארבייטען ניט מער ווי 40 שטונדען א וואך; 3) וואכען ארבייטער, איינגעשלאסען די שיפינג קלוירקס, דארפען קריגען א העכערונג אויף די שכירות פון איין דאלאר א וואך: שטיקארבייטער קריגען א העכערונג פון פינף פראצענט אויף די פרייזען פון מאי אן; 4) ספרעדערס ווערען אפגעשאפט אין אלע קאטינג רומס. דאס וועט מאכען פלאץ פאר נאך א צאל קאטערס.

אלע אנדערע באדינגונגען פון דעם אלטען אגרימענט פארבלייבען, איינגעשלאסען די באצאלטע וואקיישאנס פאר אלע ארבייטער. די בעלי בתים האבען צוריקגעצויגען זייערע געגען־פאדערונגען. דער אגרימענט וועט זיין אין קראפט צוויי יאר.

אין די קאנפערענצען האבען די פארטרעטער פון די בעלי בתים אויסגעדריקט דעם סענטימענט געגען פארזוכען ארויסצופירען די שעפער אוט־אוו־טאון, אנוויזענדיג אז ניו יארק מוז אונטער אלע אומשטענדען פארבלייבען דער פראדוקציע צענטער אזוי גוט ווי עס איז דער צענטער פון סטייל אין דער אינדוסטריע.

די בעלי־בתים האבען פארגעלייגט די קאטערס א העכערונג פון איין דאלער א וואך פון חודש יולי. די קאטערס האבען זיך אבער ענטזאגט עס אננעמען, נאר צוליב אנהאלטען דעם פרידען אין דער אינדוסטריע האבען זיי געשטימט אנצונעמען דעם סעטלמענט אונטער פראטעסט.

דער אגרימענט איז צוערשט ראטיפיצירט געווארען פון די שאפ־טשערלײדיס און דעם 11טען יאנואר, איז דער אגרימענט אויפגענומען געווארען פון אן אלגעמיינער פארזאמלונג פון מיטגלידער פון לאקאל 91, וועלכע האבען אנגעפילט דעם גרויסען זאל אין קופער יוניאן. וויים־פרעזידענט הערי גרינבערג, מענעדזשער פון לאקאל, האט פאר זיי פארגעלייענט אלע פונקטען פון אגרימענט און ערקלערט זיי זייער באדייטונג. די מיטגלידער האבען דאן גוטגעהייסען דעם אפמאך.

דער הויפט פון דער קאנפערענץ קאמיטע פאר דער יוניאן און דער וואס האט געפירט די פארהאנדלונגען איז געווען וויים־פרעזידענט הערי גרינבערג. מאו פאליקמאן, מענעדזשער פון מיסעלעניוס דעפארטמענט פון קאטערס לאקאל 10, האט פארטראטען די קאטערס. עלייעס ליבערמאן איז געווען דער לאיער פון דער יוניאן.

## אונטערוועש און נעגליזשי ארבייטער יוניאן פארענדינט איר יובילי פייערונג

עס איז אזוי אויסגעקומען, אז די אונטערוועש און נעגליזשע ארבייטער יוניאן האט געהאט א ריי פייערונגען לכבוד איר 30־יאריגען יובילי. אין פריערדיגע נומערן „גערעכטיגקייט" האבען מיר שוין געשריבען וועגען דעם שיינעם אופן ווי דער יובילי אליין איז געפייערט געווארען. דעם מאנאט, ווען עס איז ערשינען דער בוך וועגען דער געשיכטע פון לאקאל 62, איז דורכגעפירט געווארען א פייערונג דורך א שיינעם לאנטשען צוזאמענקונפט, אין פארק סענטראל האטעל. דער בוך איז געשריבען געווארען פון הערי לאנג, מיטארבייטער פון „פארווערטס",

וועלכער איז אין די ערשטע יאָרען געוועזן פארבונדען מיט דער ווייסגודס ארבייטער יוניאָן.

דער צוזאָמענקונפט, אונטערן נאָמען „די געבורט פון אַ בוך” האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ זייער פייערליכער און פריילעכער שטימונג פון די אַנוועזענדע.

די רעדנער ביים לאָנטשען זיינען געוועזן פרעזידענט דובינסקי, וועלכער האָט געלויבט די יוניאָן און דעם מענעדזשער סעמיועל שאָר, וועלכער האָט די יוניאָן אויפגעהאָדעוועט און אויף די פיס געשטעלט, אַזוי אַז זי איז היינט דער דריטער גרעסטער לאָקאל אין דער אינטערנעשאָנעל; ראָוז שניידערמאַן, וועלכע האָט געהאָלפען אָנפירען דעם ערשטען סטרייק פון די ווייסגודס מאַכער אין 1912, אַלס פארטרעטערין פון דער ווימענס טרייד־יוניאָן ליג; וויס־פרעזידענט לואידזשי אַנטאָניני; העררי לאַנג, דער פּראָפעסער פון בוך; הלל ראָגאָף, מענעדזשינג עדיטאָר פון „פאָרווערטס”; איזידאָר נאַגלער, מענעדזשער פון קאטערס לאָקאל 10, און דזשאָרדזש העררי גאָרדאָן. סעמועל שאָר איז געוועזן טאָאַסט־מאַסטער.

ביי דעם לאָנטשען זיינען געוועזן פארטראָטען די וויכטיגסטע פאָרשטייער פון פילע טיילען פון דער ארבייטער באַוועגונג און פון געזעלשאַפטליכען לעבען

אַלע רעדנער האָבען שטאַרק געלויבט לאָקאל 62 און געוואונשען אים ווייטערדיגען ערפאָלג אין זיין טעטיגקייט. לויב איז אויך אויסגעדריקט געוואָרען צו מענעדזשער סעמועל שאָר פאר זיין לאַנג־יאָריגער טעטיגקייט אין לאָקאל. .אַלע רעדנער האָבען אויך אָנגעוויזען, אַז ה. לאַנג איז געוועזן די פּאַסענדע פּערזאָן צו שרייבען די „ביאָגראַפיע”, אַזוי צו זאָגען, פון דעם באַרימטען לאָקאל 62.

סעמועל שאָר, דער מענעדזשער פון לאָקאל און טאָאַסטמאַסטער פון לאָנטשען, האָט געשילדערט די געשיכטע פון לאָקאל 62, וועלכע איז, ווי ער האָט געזאָגט, אָנגעפּיקעוועט מיט פילע שטורמישע און דראַמאַטישע מאָמענטען,

אין זיין רעדע האָט פרעזידענט דובינסקי אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז לאָקאל 62 האָט געהאַנדעלט זייער גוט וואָס דאָס בוך איז אַרויסגעגעבען געוואָרען. דאָס בוך, האָט דובינסקי באַטאָנט, וועט דינען אַ וויכטיגען צוועק צוליב דעם, וואָס דורכ’ן בוך וועט זיך די ברייטע עפענטליכקייט באַקענען מיט דער געשיכטע פון לאָקאל 62.

געגאָסע ה. לאַנג האָט באַקומען אַ וואַרימע אויפנאַמע בעת ער איז פאָרגעשטעלט געוואָרען. ער האָט באַצייכענט דאָס בוך אַלס „אַ וויכטיגע פּאַסירונג אין מיין זשורנאַליסטישער קאַריערע”. ער האָט אין געפילפולע ווערטער באַדאַנקט לאָקאל 62 פאר געבען אים די געלעגענהייט צו שרייבען דאָס בוך. „די דאָזיגע ערפארונג”, האָט ער געזאָגט, „האָט אָנגעפילט מיין האַרץ מיט אַ סך אינספּיראַציע און נשמה’דיגער יום־טוב’דיגקייט”.

אַלע אַנוועזענדע האָבען ביים פאַרלאָזען דעם זאַל באַקומען אַלס אַ מתנה אַ קאָפּיע פון דעם בוך „לאָקאל 62”, וועלכער ענטהאַלט 224 זייטען.

אַ סך באַגריסונגען זיינען אָנגעקומען פון פילע פריינד פון טרייד. געגאָסע־אַב. קאַהאַן, רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס”, האָט צוגעשיקט אַ באַגריסונג־טעלעגראַמע אין וועלכער ער האָט באַדויערט וואָס ער האָט ניט געקענט פּערזענליך קומען און האָט געלויבט דעם לאָקאל און דעם מענעדזשער.

## שוועריגקייטען און פּראָבלעמען אין אויט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט

וויס־פּרעזידענט העררי וואַנדער, מענעדזשער פון אויט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט, ווייזט אָן אויף די ספּעציפישע שוועריגקייטען און פּראָבלעמען מיט וועלכע עס קומט אויס צו ראַנגלען זיך אין די שעפּער פון זיין טעריטאָריע, וועלכע זיינען אַזוי ענג צונויפגעבונדען מיט די יוניאָנס אין די טריידס אין ניו יאָרק.

דער אַגרימענט, וואָס לאָקאל 91 האָט באַנייט מיט די טשילדרען דרעס מאַנופעקטשורערס אין ניו יאָרק, ווייזט ער אָן, האָט געמאַכט אַ סוף פון דער סטרייק מעגליכקייט אונטער וועלכער די שעפּער פון דעם טרייד האָבען געאַרבייט אויט־אָוו־טאַון. אין גאַנצען אָבער גערייזט די פּראָבלעם האָט עס ניט. געזעצט האָט מען אַז דורך דעם נייעם אַגרימענט וועט מען פּטור ווערען פון דעם פּונקט וואָס באַגרעניצט די פאַרפליכטונג אַרויסצוגעבען ארבייט בלויז אין יוניאָן שעפּער אויף 25 מייל אַרום ניו יאָרק. דער פּונקט איז ניט געלייזט געוואָרען. לאָקאל 91 האָט זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט צו ענדערען דעם פּונקט, אָבער די בעלי בתים זיינען געבליבען איינגעשפּאַרט. איידער אַרויסרופען אַ סטרייק האָט לאָקאל 91 אויפגעגעבען די פאָדערונג. וואָרשיינליך האָבען זיי קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. פאר דעם אויט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט מיינט עס אָבער ניט אַז מען קען דערלאָזען ניט יוניאָן שעפּער ארבייטען פאר די זעלביגע בעלי בתים 25 מייל פון ניו יאָרק. אויב מען האָט ניט געקענט צווינגען די בעלי בתים צו יוניאָניזירען די שעפּער דורך דעם אַגרימענט, וועט מען מוזען אָנווענדען די מעטאָדע פון אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין אויסצוראָטען די אָפּען שעפּער.

## באַנייטע און נייע אַגרימענטס

דער אויט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט האָט דעם מאָנאַט באַנייט דעם אַגרימענט מיט דער ”קאָער עדעלסאָן קאָמפּאַני” פון וועסט ניו יאָרק. דער שאָפּ מאַכט בראַזיערס פאר דער „ מעידען פאָרם מאַנופעקטשורינג קאָמפּאַני” און באַשעפטיגט 165 ארבייטער. דער אַגרימענט ענטהאַלט די זעלביגע באַדינגונגען און פאַרבעסערונגען וואָס די יוניאָן האָט געקראָגען ביי דער „מעידען פאָרם”. אַלע וואָך־ארבייטער האָבען געקראָגען אַ העכערונג אויף די שכירות פון אַנדערהאַלבען דאָלאַר אַ וואָך; סטרעטשערס האָבען געקראָגען אַ העכערונג פון דריי דאָלאַר אַ וואָך; לערנערס זיינען גאַראַנטירט מיט אַ דורכשניט פאַרדינסט פון צוויי דאָלאַר איבערן געזעצליכען מינימום וואָס דער געזעץ שרייבט פאָר; אָפּערייטאָרס און פּרעסערס, וועלכע ארבייטען פון שטיק, מוזען פאַרדינען אַ מינימום פון 62 און אַ האַלב סענט אַ שטונדע. די ארבייטער האָבען אויך געקראָגען נאָך איין געזעצליכען יום־טוב מיט געצאָלט, און עס איז אַריינגעשריבען געוואָרען אַ פּונקט, אַז די יוניאָן מעג פאָדערען אַ העכערונג אויף די שכירות, אויב די פּרייזען פון ־לעבענס־מיטלען וועלען שטייגען איבער פינף פּראָצענט. די פאַרהאַנדלונגען מיט דער פירמע האָט געפירט י. האָראָוויץ, געהילפס־דירעקטאָר פון אויט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט.

די „הוירש אַנדערוועער קאָמפּאַני” פון ניו אידזשיפּט, ניו דזשוירזי, האָט דעם מאָנאָט אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט דער יוניאָן. די פירמע איז ביז איצט געוועזן אַ ניט־יוניאַן פירמע. די ארבייטער האָבען געוואונען אַ 40־שטונדיגע ארבייטס־וואָך און אַ העכערונג אויף די שכירות פון פינף ביז פופצען פּראָצענט. די פירמע באַשעפטיגט 40 ארבייטער.

## קאָטען גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט באַנייט אַגרימענטס

עליעס רייזבערג, מענעדזשער פון קאָטאָן גאַרמענט דעפּאַרטמענט, באַריכטעט, אַז אַ צאָל וויכטיגע פירמעס האָבען באַנייט זייערע אַגרימענטס מיט דער יוניאָן דורך דעם מאָנאָט מיט פאַרבעסערונגען פאר די ארבייטער.

די וויכטיגסטע פון זיי איז דער באַנייטער אַגרימענט מיט דער „דאָטשעס אַנדערוועער קאָרפּאָריישאָן” פון אָלד פאָרדזש, פּענסילווייניאַ. די פירמע באַשעפטיגט אַרום 500 ארבייטער. די פירמע איז ערשט אָרגאַניזירט געוואָרען לעצטען פרילינג נאָך אַ פאַרביטערטען סטרייק וואָס האָט געדויערט פינף וואָכען. דער ערשטער אַגרימענט איז געוועזן אַ מין עקספּערימענט. עס איז אונטערגעשריבען געוואָרען פאר אַ משך פון ניין מאָנאַטען און די יוניאָן האָט ניט געקראָגען קיין פולשטענדיגען יוניאָן שאָפּ. איצט איז דער ערשטער אַגרימענט אויסגעגאַנגען און די פירמע האָט אונטערגעשריבען אַ רעגולערען יוניאָן אַגרימענט פאר צוויי יאָר. דער אַגרימענט שרייבט פאָר אַז די פירמע דאַרף באַשעפטיגען בלויז גוטשטייענדע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנעל.

די פראַגע פון אַ העכערונג אויף די שכירות פאר די ארבייטער און דאָס איינשטעלען פון מינימום סקעילס, איז אָפּגעלייגט געוואָרען ביז די אונטערזוכונג וועגען דער פּראָדוקציע אין דער פאַבריק, וואָס ווערט איצט געמאַכט אונטערן אויפזיכט פון דר. לאָזאַר טעפּער פון אינטערנעשאָנעל ריסוירטש דעפּאַרטמענט, וועט פאַרענדיגט ווערען. די פירמע מאַכט די געשטריקטע אונטערוועש, וואו די קאָנקורענץ איז אומגעהויער און וואו עס זיינען איינגעפירט די מאָדערנסטע מאַשינען. די פראַגע פון פּראָדוקטיוויטעט פון די ארבייטער איז דעריבער זייער וויכטיג ביים באַשטימען שכירות און מינימומס.

די ביבערמאַן דרעס קאָמפּאַני פון ווילמינגטאָן, דעלאַווער, האָט אויך באַנייט דעם אַגריענט דעם מאָנאַט. די ארבייטער האָבען געקראָגען אַ העכערונג פון צען פּראָצענט אויף די שכירות. די העכערונג קריגען זיי פון לעצטען 25טען דעצעמבער אָן. די ארבייטער אין דעם שאָפּ באַלאַנגען צו לאָקאל 229, וואָס ווערט פאַרוואַלטעט פון אַדאַ ראָוז. די פאַרהאַנדלונגען זיינען געפירט געוואָרען פון וויס-פּרעזידענט רייזבערג און די פאַרוואַלטערין פון לאָקאל.

אויך די פּיאָניר מאַנופעקטשורינג קאָמפּאַני, אַ טשילדרען דרעס שאָפּ, וועלכע באַשעפטיגט 150 ארבייטער אין ווילקעסבאַר, פּאַ., האָט דעם מאָנאָט באַנייט דעם אַגרימענט מיט דער יוניאָן. די ארבייטער האָבען געקראָגען אַ העכערונג פון פינף פּראָצענט אויף די שכירות גלייך, און די פראַגע וועגען אַ ווייטערער העכערונג פון נאָך פינף פּראָצענט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַרביטריישאָן.

## נעריכטס־פּראָצעסען אין פילאַדעלפיע

די פילאַדעלפיער דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוק און דרעסמאַכער יוניאָן און די בעלי בתים, האָבען דעם מאָנאָט אַריבערגעטראָגען זייערע קאַמפּען אין די געריכטען. פּלוצלונג איז ערשינען אין די צייטונגען די נייעס אַז די דרעס אַסאָסיאיישאָן האָט זיך געווענדעט אין געריכט מיט אַ פאַרלאַנג פאר אַן אינדזשאָנקשאָן געגען דער דרעסמאַכער יוניאָן, וואָס זאָל פאַרבאָטען מאַכען סטאָפּעדזשעס אין די שעפּער. ווי עס ווייזט אָבער אויס, איז עס ניט מער ווי אַ פּובליסיטי סטאָנט פון אַ פּאָר טשינאַוויקעס פון דער אַסאָסיאיישאָן, וועלכע ווילען ווייזען די מעמבערס זייערע אַז זיי טוען אויף פאר זיי גרויסע זאַכען.

די ערקלערונג האָט אַרויסגעגעבען דער מענעדזשער פון דער דרעס דזשאָינט באָארד אין פילאַדעלפיע, סעמועל אָטאָ. ער ווייזט אָן אַז דאָס איז ניט דער איינציגער מאָל וואו די פאָר פאַרטרעטער טוען עס אָפּ זאַכען געגען דער יוניאָן און געבען די אינטערעסען פון דער אינדוסטרי אָן דעם ווייסען פון די פאַראַנטוואָרטליכע מאַנופעקטשורערס. זיי פירען שוין אָן אָט די טאַקטיק אַ לייגערע צייט.

ווי סעמיועל אָטאָ גיט איבער, דאַרף דער אַגרימענט צווישען דער דרעס דזשאָינט באָארד פון פילאַדעלפיע מיט דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן פון יענער שטאָט אויסגיין דעם 2טען פעברואַר. די יוניאָן האָט אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען צום נייעם אַגרימענט פאר אַ 35־שטונדיגער ארבייטס־וואָך אין קאָטאָן דרעס טרייד; פאר וואַקאַציעס מיט געצאָלט און פאר אָפּשאַפען געוויסע האַנדלונגען וואָס שעדיגען די ארבייטער. נאָך אין יולי האָט די יוניאָן איבערגעגעבען אָט די פאָדערונגען צו דער אַסאָסיאיישאָן און געפאָדערט אַן ענטפער. דער עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון דער אַסאָסיאיישאָן און דער לאַיער זייערער, וועלכער איז געוועזן דער לאַיער פון די בעלי בתים אין גענעראַל סטרייק פון 1921, האָבען דעריבער באַשלאָסען צו אַטאַקירען די יוניאָן דורך אַ סענזאַציאָנעלען פּראָצעס. פאר דעם צוועק האָבען זיי געמאַכט אַ געוויסען קאָנטראַקטאָר פאר אַ מאַנופעקטשורער, אום זיי זאָלען אים קענען אַריינעמען פאר אַ מעמבער אין דער אַסאָסיאיישאָן און האָבען אָפּגעזוכט אַ געוויסען טשיזלער, מיט וועמען די יוניאָן האָט אַלע מאָל טראָבעל, און אין זייער נאָמען אַריינגעבראַכט די קלאַגע אין געריכט געגען דער יוניאָן. זיי האָבען זייערע קלאַגען ניט געבראַכט צום אימפּאַרשעל טשערמאַן, ווי דאָס ווערט געווינליך געטאָן, ווייל דאָרט וואָלט אויפגעדעקט געוואָרען די שטערונגען וואָס זיי האָבען די גאַנצע צייט געמאַכט צו דער דורכפירונג פון אַגרימענט.

לויט דער ערקלערונג פון דער יוניאָן, האָבען אָט די פירער פון דער אַסאָסיאיישאָן די לעצטע צייט געהאַלטען אין איין אָפּציען סעטלמענטס פון סכסוכים; איגנאָרירען קלאַגען וואָס די יוניאָן האָט אַריינגעבראַכט; פּרובירט ווירקען אויפ’ן אימפּאַרשעל טשערמאַן, אַז ער זאָל ניט אָרדערען זיי צו לאָזען אונטערזוכען ביכער; פאַרשרייבען קאָנטראַקטאָרס אַלס מאַנופעקטשורערס, אום גרינגער צו מאַכען פאר זיי איבערטרעטען יוניאָן רולס און אויף אַלע

אנדערע אופנים ניט לאזען סעטלען קאמפליינטס. עס איז אט די טאקטיק וואס האט געפירט צו פארשידענע סכסוכים אין די שעפער, פון וועלכע סיי די ארבייטער און סיי מאנכע בעלי בתים האבען געליטען אומשולדיגערהייט.

איצט האט די אסאסיאיישאן צוגעשטימט אפצולייגען דעם פארהער אין געריכט און פארהאנדלען מיט דער יוניאן וועגען סעטלען די אלע סכסוכים. די יוניאן האט אבער גלייכצייטיג באשלאסען צו זיין אויף דער וואך אויף יעדען פאל וואס עס קען זיך ענטוויקלען. די יוניאן וועט איינגיכען רופען א ריי מעמבער מיטינגען צו באקענען די מיטגלידער פון דער יוניאן מיט דער לאגע און זיי צוגרייטען צו אלץ וואס עס קען מעגליך פאסירען דורך די אנגעשטרענגטע באציאונגען מיט דער אסאסיאיישאן.

די יוניאן ווידער פירט איצט אן א קאמף אין געריכט געגען ארונטערנעמען פון די ארבייטערס שכירות דעם איינס און א האלב פראצענט טעקס וואס די שטאט רעגירונג האט ארויפגעלייגט. די יוניאן טענה'ט אז דאס איז א פארלעצונג פון דעם יוניאן אגרימענט מיט די בעלי בתים, וועלכער באשטימט די שכירות פון די ארבייטער און מען טאר זיי ניט צאלען ווייניגער.

## אגרימענט אין קארסעט און בראזיר טרייד פארלענגערט ביז פעברואר

דער קאלעקטיווער אגרימענט צווישען דער קארסעט און בראזיער ארבייטער יוניאן לאקאל 32 מיט דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן, וועלכער איז אויסגעגאנגען דעם 31טען דעצעמבער, איז פארלענגערט געווארען, צוערשט ביז דעם 22טען יאנואר און דאן ביז די ערשטע וואך אין פעברואר, באריכטעט אברהם שניידער, מענעדזשער פון לאקאל.

די יוניאן האט אין די קאנפערענצען געפאדערט אין נייעם אגרימענט א העכערונג אויף די שכירות פון די ארבייטער אין די מינימום סקעילס; פלאר מידלאך, פעקערס, באקסערס און פאלדערס זאלען יוניאניזירט ווערען; זעקס געזעצליכע יום טובים מיט געצאלט; דאס רעכט פון יוניאן פארטרעטער אריינצוקומען אין די שעפער צו יעדער צייט; דאס רעכט צו אונטערזוכען די ביכער פון די בעלי בתים און אז פאר ארבייט נאך דער רעגולערער צייט זאל געצאלט ווערען ווי פאר אווערטיים.

די יוניאן פאדערט אויך, אז דער פונקט אין אגרימענט, וואס פארבאט א באס ארויסצושיקען ארבייט אויסייד ביז אלע זיינע אינסייד ארבייטער האבען גענוג ארבייט, זאל אמענדירט ווערען צו פארבאטען אים אויך קויפען ארבייט אויטסייד ווען זיינע ארבייטער האבען ניט גענוג באשעפטיגונג.

די פארטרעטער פון די בעלי־בתים האבען זיך פארלויפיג אנטזאגט נאכצוגעבען דער יוניאנס פאדערונגען. די יוניאן האפט אבער אז זיי וועלען בעסער ווערען.

## קלאוק און דרעס אגרימענטס אין אהייא באנייט

די קאלעקטיווע אגרימענטס אין קלאוק, דרעס און סוט טריידס אין קליוולאנד און אומגעגענד, וועלכע זיינען אויסגעגאנגען אנהויב יאר, זיינען באנייט געווארען.

ארום דריי טויזענט ארבעטער ווערען באשעפטיגט אין די פאבריקען אין קלאוק, סוט און דרעס טרייד וואס ווערען געדעקט פון די אגרימענטס.

ווי וויס פרעזידענט אברהם קאטאווסקי, מענעדזשער פון דער קליוולאנד דזשאינט באארד, גיט איבער, זיינען די ארבעטס־שטונדען, מינימום שכירות און אנדערע באדינגונגען געבליבען די זעלביגע אין דעם נייעם אגרימענט ווי אין דעם וואס איז איצט אויסגעגאנגען. יעדער פון די נייע אגרימענטס אנטהאלט אבער א נייעם פונקט, וואס גיט דער יוניאן דאס רעכט צו פאדערען א העכערונג אויף די שכירות אין אפריל, אויב די פרייזען אויף לעבענס־מיטלען וועלען שטייגען דורך דער צייט.

די אגרימענטס זיינען אונטערגעשריבען געווארען מיט דער „קליוולאנד אפארעל מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן", און וועלכער עס זיינען אנגעשלאסען אלע קלאוק און סוט מאנופעקטשורערס אין קליוולאנד, מיט דער אויסנאם פון דער פרינץ־בידערמאן קא., וועלכע האט אן אינדעפענדענט אגרימענט מיט דער יוניאן, און מיט דער קליוולאנד דרעס מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן צו וועלכער עס באלאנגען 30 פירמעס וועלכע באשעפטיגען ארום צוויי טויזענט ארבעטער. די פארהאנדלונגען מיט די בעלי בתים זיינען אנגעפירט געווארען פון וויס־פרעזידענט אב. קאטאווסקי, מענעדזשער פון דער דזשאינט באארד; נייטהען סאלאמאן און לואיס פרוינד, ביזנעס אגענטען פון דער יוניאן, און לואיס זעמאן, פרעזידענט פון דער דזשאינט באארד, צוזאמען מיט א קאמיטע פון אלע לאקאלס.

די אגרימענטס אין טאלידא און סינסינעטי, וואו עס ווערען באשעפטיגט ארום א טויזענט ארבעטער, זיינען די זעלביגע ווי אין קליוולאנד. אויך דארט איז דא דער פונקט וועגען העכערונג אין די שכירות אין אפריל אויב די פרייזען אויף לעבענס־מיטלען וועלען שטייגען איבער דער מלחמה אדער איבער וועלכער עס איז אנדער אורזאך.

## קענזעס סיטי דיסקוטירט פראגע פון א יערליכען איינקונפט

די פראגע פון איינשטעלען א יערליכען געהאלט פאר די קלאוקמאכער, איז אין קענזעס סיטי שוין דיסקוטירט געווארען אומאפיציעל פאר א שטיקעל צייט. עס איז נאטירליך, אז אזא דיסקוסיע זאל זיך אנהויבען דווקא אין קענזעס סיטי ווייל די קלאוק־שעפער זיינען דא מער פעסטע וואו עס איז גרינגער צו פלאנעווען פאר א שטיקעל צייט פאראויס ווי אין די פלעצער וואו די שעפער זיינען קליינע און ניט זיכערע.

דעם מאנאט, מעלדעט מייער פערלשטיין, פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנאל אין דער סאוטהוועסט, האט ער די פראגע ברייט ארומגערעדט מיט א קאמיטע פון די דריי קלאוק־לאקאלען אין יענער שטאט. דער אגרימענט מיט די קלאוק־מאנופעקטשורערס האלט דארט ביים אויסגיין און איין פירמע האט פארגעשלאגען די קאטערס צו פארזיכערען זיי א יערליכען איינקונפט אויב עס זאל איינגעשטעלט ווערען א פאסיגער פלאן פאר דעם. דער מאנופעקטשורער האט נאטירליך געהאט אין זינען בלויז די קאטערס און ערווארטעט געוויסע קאנצעסיעס. די יוניאן אבער מוז האבען אין זינען אלע אנדערע פאך־ארבעטער און מוז דעריבער זיין פארזיכטיג. די קאמיטע האט אויסגעדריקט די מיינונג, אז כאטש עס לוינט זיך צו דיסקוטירען די פראגע פון א יערליכען געהאלט, איז עס איצט גלייכער ווען מעגליך איינצושטעלען א גאראנטירטע מינימום וואכען ארבעט.

דער אגרימענט מיט דער פירמע „אילאי וואקער דריי גודס קאמפאני" פאר זייער דרעס שאפ אין סיינט לואיס איז באנייט געווארען. די וואך־ארבעטער האבען געקראגען געהעכערט די שכירות מיט איין דאלער און 1.50 דאלאר א וואך. די שטיק־ארבעטער האבען געקראגען א באדייטענדע העכערונג אויף זייער שטונדען־רעיט. קאנפערענצען מיט דער פירמע געהען איצט אן פאר די ארבעטער פון זייער שאפ אין וואנדאליא, מיזורי.

די יוניאן האט אויך דעם מאנאט געקראגען דעם ערשטען אגרימענט מיט א פירמע וואס מאכט קוירטענס. דאס איז די „מיזורי קוירטען קאמפאני" פון סיינט לואיס. די ארבעטער האבען געקראגען א קלאוזד יוניאן שאפ, א מינימום סקייל פון 32½ ס. א שטונדע און א העכערונג פון 1 דאלאר א וואך פאר אלע ארבעטער איבער זייערע איצטיגע ווידזשעס.

## גרויסער דרעס־שאפ אין וויניפעג סעטעלט מיט דער אינטערנעשאנאל

סאמיועל הערבסט, מענעדזשער פון דער קלאוקמאכער יוניאן אין וויניפעג, קענעדע, באריכטעט צו פרעזידענט דובינסקי, אז די יוניאן האט דארט ארגאניזירט די גרויסע דרעס פירמע דזש. סי. עם., וועלכע באשעפטיגט ארום הונדערט ארבייטער. די פירמע איז איינע פון די עלטסטע און איינגעפונדעוועסטע פירמעס אין דרעס טרייד אין קענעדע. זי עקזיסטירט שוין איבער צוואנציג יאר און האט ביז איצט קיין מאל ניט געהאט קיין אגרימענט מיט א יוניאן.

די פירמע האט איצט אונטערגעשריבען א יוניאן אגרימענט מיט דער אינטערנעשאנעל פאר צוויי יאר. די ארבייטער האבען געקראגען העכערונגען אויף די שכירות און אנדערהאלבען מאל געצאלט פאר אווערטיים, אויסער אנדערע יוניאן באדינגונגען.

## ארגאניזאציאנס קאמפיין אין דרעס טרייד פון לאס אנדזשעלעס אין פולען שוואונג

דער ארגאניזאציאנס־קאמפיין, וואס די אינטערנעשאנאל האט אונטערנומען אין לאס אנדזשעלעס האט זיך אנגעפאנגען מיט אויסערגעווינליכער קראפט. לאס אנדזשעלעס איז ניט קיין איבעריגס ארבעטער־פריינדליכע שטאט, וואס אנבאלאנגט די צייטונגען און די מאכט־האבער. טראץ דעם אבער איז דער יוניאן דארט שוין געלונגען צו פארנעמען די ערשטע זייטען פון די צייטונגען און די גאנצע שטאט רעדט איצט וועגען דעם אינטערנעשאנאל קאמפיין. דאס איז דערגרייכט געווארען דורך א פיקעט־דעמאנסטראציע, דורכגעפירט פון פופצען מיטגלידער אונזערע מיט וויס פרעזידענטין ראוז פעסאטא אין פאראויס, אין פראנט פון דעם רייכען בילטמאר האטעל וואו עס איז געהאלטען געווארען א סטאיל שאו, פאר צענדליגע איינקויפער פון פרויען־קליידער. די פיקעטס זיינען געווען געקליידט אין איוונינג דרעסעס, ווי די רייכע דאמען וואס זיינען געקומען אנקוקען די לעצטע מאדעס. זיי האבען געטראגען פלאקאטען אין וועלכע זיי האבען געראטען די בייערס צו מאכען זייערע באשטעלונגען אין יוניאן־שעפער אויב זיי ווילען זיין זיכער אז זיי וועלען קריגען די ארדערס אין צייט און אן אונטערברעכונגען... די זעלבע עצה איז אויך פארטיילט געווארען צווישען דעם עולם אויף רייך־געדרוקטע קארטלאך. דער איינדרוק איז געווען אזוי שטארק אז פילע מאנופעקטשורערס זיינען שוין געווארען שרעקעדיג און מאנכע פון די פרעגען זיך נאך, ווי אזוי זיי קענען אויסמיידען שטערונגען. די יוניאן פירער זאגען זיי נאטירליך, אז דער איינציגער וועג איז אונטערצושרייבען אן אגרימענט מיט דער יוניאן אדער זיך אנשליסען אן דער אסאסיאיישאן און נאכקומען די באדינגונגען פון קאלעקטיווען אגרימענט.

ברודער דזשארדזש ווישניאק, מענעדזשער פון דרעס דעפארטמענט אין דער לאס אנדזשעלעס דזשאינט באארד, האט געמאכט די נויטיגע צוגרייטונגען צום קאמפיין אין פאראויס. זיין ערשטע ארבעט איז געווען צו רופען א מאסען־פארזאמלונג פון די דרעס און ספארטוועער ארבעטער אין אודיטאריום פון דער דזשאינט באארד, ארום פופצען הונדערט ענטוזיאסטישע ארבעטער האבען אנגעפילט דעם זאל און הונדערטער האבען געמוזט צוריקגיין אויס מאנגעל אין פלאץ. דר. ארדין ראקי, פארטרעטער פון מעיאר פון שטאט, האט אדרעסירט די פארזאמלונג און ערקלערט אז דער מעיאר איז גרייט צו פארמיידען וועלכע עס איז שוועריגקייטען אויב ביידע וועלען פארלאנגען זיין הילף.

דעם נעקסטען אווענד האט די דזשאינט באארד געהאט א מיטינג און פארהאנדעלט פלענער ווי אזוי צו שאפען א סטרייק־פאנד פון דרייסיג טויזענד דאלער. הונדערט אקטיווע מיטגלידער זיינען אנגעשלאסען אן ארגאניזאציאנס־דעפארטמענט און טוען גוטע ארבעט. זיי באזוכען די ארבעטער פון טרייד אין זייערע היימען און שטעלען זיך מיט זיי אין פערזענליכער בארירונג. זייערע באריכטען זיינען ערמוטיגענד. די יוניאן קריגט א צוטריט אין מאנכע פון די שווערסטע פעסטונגען פון די בעלי בתים וועלכע זיינען מיטגלידער אין דער טרויעריג בארימטער מוירטשענטס־מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן — די פארביסענע יוניאן־ברעכער ארגאניזאציע.

אחוץ דעם ארגאניזאציאנס־קאמפיין, וואס ווערט אנגעפירט אין דרעס און ספארטוועער טרייד, האבען די קלאוקמאכער זיך גענומען צו קריגען קאנטראל איבער די קלאוק דזשאבערס. די יוניאן האט דעם מאנאט פאנאנדערגעשיקט בריף צו די דזשאבערס און גערופען זיי צו א קאנפערענץ פאר דעם 8טען יאנואר. מאנכע וויכטיגע דזשאבערס זיינען געקומען און די יוניאן האט זיי פארגעלייגט די פאלגענדע באדינגונגען: באגרעניצונג און רעגיסטראציע פון קאנטראקטארס; פרייזען סעטלען מיט דער יוניאן פאר די ארבעטער אין די קאנטראקטינג שעפער; פאראנטווארטליכקייט פאר די שכירות; גלייכע צעטיילונג פון ארבעט אין סלעק־צייט און אימפארשעל משינערי צו שליכטען סכסוכים. אין אנדערע ווערטער: די יוניאן פאדערט אז די דזשאבערס זאלען אונטערשרייבען אן אגרימענט מיט דער יוניאן און נעמען אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט פאר באדינגונגען. די יוניאן און אויך די קאנטראקטארס זיינען אנטשלאסען ניט צו מאכען זייער ארבעט סיידען זיי קומען נאך אט די פאדערונגען.

# אין דער קלאוקמאכער יוניאן און אין טרייד

פון לואיס ע. לאנגער

סעקרעטאר ניו יארק דזשאינט באארד קלאוק־ מאכער יוניאן



דער קאמפיין אין ברוקלין פאר בעסערע ארבייטס באדינגונגען און דאס ארגאניזירען די נאן־יוניאן שעפער, האט זיך אנגעפאנגען מיט א מאסען־פארזאמלונגען פון די ברוקלינער קלאוקמאכער. דער מיטינג איז געווען א קאלאסאלער ערפאלג. דער האל וואו דער מיטינג איז געהאלטען געווארען איז געווען צו קליין און ניט אלע קלאוקמאכער וואס זיינען געקומען צום מיטינג האבען געקאנט אריינקומען הערען וואס די יוניאן האט זיי צו זאגען.

די מעמבערס זיינען געקומען צום מיטינג ניט נאר פון די שעפער נאר אויך פון זייערע היימען. דער רוף צום מיטינג וואס די יוניאן האט פארשפרייט איז ניט געווען קיין שרייענדער. אין דעם סוירקולאר האט זיך בלויז געזאגט: „קומט צום מיטינג! די יוניאן וויל אויפהויבען אייערע באדינגונגען אין די שעפער. זי וויל אז דער דזשאבער זאל צאלען די געסעטעלטע פרייזען אום דער קאנטראקטאר זאל אייך קענען באצאלען פאר אייער ארבייט”.

דאס איז געווען די איינציגע לאזונג און אויף דער לאזונג איז די האל אנגעפאקט געווארען און הונדערטער מעמבערס האבען געמוזט צוריקגעהן.

וואס האט אונז געלערענט דער מיטינג? ער האט אונז באוויזען, אז די ארבייטער אין די ברוקלינער שעפער זיינען יוניאן־פעאיג און האבען דעם באוואוסטזיין צו פארשטעהן, אז ווען די יוניאן רופט זיי, רופט זי זיי פאר זייערע אינטערעסען. וואלטען זיי ניט געהאט דעם באוואוסטזיין, וואלטען זיי ניט געקומען צום מיטינג פון זייערע היימען.

די מעמבערס וועלכע האבען געהאט די מעגליכקייט אריינצוקומען אין דעם האל האבען די רעדנער אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט. זיי האבען מיט אלעס מסכים געווען וואס די רעדנער האבען זיי געזאגט, און געזאגט האבען זיי די ברוקלינער קלאוקמאכער זעהר פיל.

דער קאמפיין אין ברוקלין האט זיך אנגעפאנגען מיטוואך, דעם 24טען יאנואר. אלע כחות וואס די יוניאן־פארמאגט זיינען אין דעם קאמפיין אריינגעווארפען געווארען. יעדער פעהיגער באאמטער איז אריינגעשיקט געווארען אין דער טעריטארי צו העלפען דעם קאמפיין. עס איז ניט קיין לייכטער דזשאב צו ברענגען ארדענונג אין א טעריטאריע ווען דער גאנצער טרייד איז ניט אפגעשטעלט. הויפטזעכליך איז עס שווער אין אזא טרייד ווי אונזערער, וואו באנדעלס קייקלען זיך. די יוניאן וויסט פון דעם. דערפאר האט זי געטאן אלעס אז דער קאמפיין זאל ניט זיין קיין דורכפאל.

מיט דער הילף פון דער אינטערנעשאנאל האט די יוניאן אויך מאביליזירט דעם כח פון דעם אוס־אוו־טאון דעפארטמענט אז די דזשאבערס וועלכע האבען שעפער אין ברוקלין און אוט־אוו־טאון זאלען ניט קענען ארבייטען ביז וואנען די ברוקלינער יוניאן שעפער וועלען זיין צוריק ביי דער ארבייט.

אין דינסט פון דעם קאמפיין זיינען אויך געשטעלט געווארען די דעפארטמענטס פון דעם ניו יארקער אפיס. זיי פאסען אויף אז די דזשאבערס וועלכע האבען שעפער אין ניו יארק און אין ברוקלין זאלען ניט קענען מאכען זייער ארבייט אין ניו יארק ביז די ברוקלינער יוניאן־שעפער וועלען ארבייטען.

די קלאוקמאכער, צי זיי ארבייטען אין ניו יארק, אדער אוט אוו טאון, דארפען וויסען אז דער קאמפיין צו ברענגען ארדנונג אין ברוקלין איז ניט קיין פראגע וואס גייט זיי ניט אן. עס איז אן אלגעמיינע יוניאן־פראגע וואס איז נוגע יעדען קלאוקמאכער. עס איז אין די אינטערעסען פון אונזערע אלע מעמבערס, אז די איצטיגע אונטערנעמונג פון דער יוניאן זאל זיין ערפאלגרייך.

* * *

דער פלאן בנוגע דער ביליגער ליין ארבייט פאנגט אן פארווירקליכט צו ווערען. אפילו די וועלכע האבען אויפ'ן פלאן געקוקט מיט סקעפטישע אויגען, פאנגען שוין אן איינצוזעהן אז פון דעם חלום ווערט א ווירקליכקייט. וויפיל מער ארבייט עס וועט דורך דעם פלאן אריינפאלען אין די ניו יארקער אדער אין די ברוקלינער שעפער, וועלען מיר ערשט האבען א באגריף נאכדעם ווי דער סעזאן וועט זיין פאראיבער און אלעס וועט ווערען אפגעשטעקט. פארלויפיג זיינען מיר אין א לאגע צו זאגען, אז אונזערע מעמבערס פאנגען אן צו געניסען פון דעם פלאן.

ווייל דער פלאן איז א שטיקעל רעוואלוציע, איז פארשטענדליך אז די יוניאן שלאגט זיך אן אן א סך שוועריגקייטען. די יוניאן דארף זיך איבער דעם פלאן שלאגען מיט יעדען דזשאבער. אויב דער פלאן וועט דעם סיזאן ניט ארבייטען אזוי פאלקאם ווי מיר וואלטען געוואלט, איז עס דערפאר וואס די דזשאבערס לעגען אלע שטיינער אין וועג. נאטירליך, די יוניאן געהט אן מיט איר ארבייט, אבער אזוי ווי זי האט אין זינען אז דער היינטיגער סעזאן איז א קורצער קען זי ניט געהן לויט א הונדערט פראצענט ליניע פון דעם פלאן.

דער פלאן וועט געוויס בעסער ארבייטען צום נעקסטען ווינטער־סעזאן. ביז דאמאלס וועלען שוין די דזשאבערס האבען פארדייעט די מעדיצין וואס די יוניאן האט זיי געגעבען, און דאן קלייבט זיך די יוניאן אז דער פלאן זאל ווערען א טייל פון דעם אגרימענט.

---

# טעטיגקייטען אין לאקאל 66 דורכ'ן פארגאנגענעם יאר

פון זכריהו פרידמאן



דאס יאר 1939 וועט פארבלייבען אין דער געשיכטע פון דער עמבראידערי, טאקערס און סטיטשערס יוניאן, לאקאל 66, אלס יאר פון וויכטיגע פאסירונגען. אנגעהויבען האט זיך דאס יאר אונטער דעם שאטען פון שווארצע דראהענדע וואלקענס אויפן האריזאנט פון אונזער באליבטער ארגאניזאציע. וואלקענס פון אן אינערליכען קאמף אין דער יוניאן. די ברייטע מיטגלידערשאפט פון אונזער ארגאניזאציע האט ניט געוואוסט וואס עס קומט פאר. בלויז א קליינע צאל פון די אקטיווע מיטגלידער, ווארטענדיג געדולדיג מיט קלאפענדע הערצער האבען געוואוסט וועגען דער וויכטיגער ענדערונג וואס דארף קומען. ענדליך, דעם 8טען מאי, איז לעאן האטאב, דער געוועזענער מענעדזשער געצוואונגען געווארען צו רעזיגנירען פון דעם וויכטיגען אמט וואס ער האט דעמאלט געהאלטען אין אונזער יוניאן. ווי א זעלבסט דיסציפלינירטע גרופע פון מענער און פרויען, האבען אונזערע מיטגלידער באגריפען, אז די שטעלונג וואס ברודער דוד דובינסקי, פרעזידענט פון אונזער גרויסער אינטערנעשאנאל יוניאן האט גענומען אין דעם פאל, האט געמיינט דאס געבורט פון א נייער פרייהייט פאר אונז, מיטגלידער און פאר אונזער ארגאניזאציע. דאס באגרייפענדיג האבען די מיטגלידער געגעבען זייער פולע הילף און קאאפעראציע און אלס רעזולטאט דערפון, איז אונזער יוניאן ארויסגעקומען פון דער טרויעריגער פאסירונג געשטארקט און געקרעפטיגט, גרעסער אין דער צאל מיטגלידער, רייכער אין אירע פינאנסען און מאראליש מעכטיגער ווי זי איז געווען. אט דער פאל און זיינע קאנזעקווענצען האט אן איבעריגעס מאל באוויזען, אז אונזער יוניאן איז פיל גרעסער און מעכטיגער ווי וועלכער עס איז איינצעלנער און קען ניט צעשטערט ווערען דורך פערזענליכע אמביציעס און גייציגקייט.

דורך דער צייט האט אונזער יוניאן געשלאסען א נייעם אגרימענט מיט די אסאסיאיישאנס פון די בעלי בתים אין טרייד פאר די נעכסטע צוויי יאר. מיר האבען צוויי אסאסיאיישאנס אין טרייד וועלכע מיר קאנטראלירען: די באנאז עמבראידערי, פליטער און סטיטשערס אסאסיאיישאן און די אסאסיאייטעד מאנופעקטשורערס אוו טוביולאר פייפינג.ביידע אסאסיאיישאנס האבען אונטערגעשריבען דעם נייעם אגרימענט און אויך די אינדעפענדענט מאנופעקטשורערס וואס באלאנגען ניט צו קיין אסאסיאיישאן. אין דעם נייעם אגרימענט האבען מיר געוואונען צוויי נייע פארבעסערונגען וואס זיינען פון אויסערגעווייגליכער וויכטיגקייט פאר דער דורכפירונג פון די אגרימענט באדינגונגען אין לעבען. איין נייער פונקט איז, אז די בעלי בתים מוזען צושטעלען דער יוניאן א מאנאטליכען באריכט וועגען די פארדינסטען פון יעדען ארבייטער וואס זיי האבען באשעפטיגט. דער איינפיר איז וויכטיג פאר אונזערע מיטגלידער איבער צוויי אורזאכען: ערשטענס גיט עס אונז א בעסערען קאנטראל איבער די שכירות פון די ארבייטער און מאכט שווערער צו צאלען בשתיקה פון דער יוניאן ווייניגער ווי אן ארבייטער דארף קריגען, און צווייטענס גיט עס אונז די רעקארדס פון די פארדינסטען פון יעדען ארבייטער אום צו קענען העלפען א מעמבער ווען ער האט שוועריגקייטען ביים קריגען די סומע פון ארבייטסלאזען בענעפיט צו וועלכער ער איז בארעכטיגט לויט זיינע פארדינסטען. אין אזא טרייד ווי אונזערער וואו עס זיינען דא אזוי פיל קליינע בעלי בתים, וואו א גרויסע צאל מאנופעקטשורערס גייהען ארויס פון ביזנעס יעדעס יאר און עס בלייבט פון זיי ניט קיין רעקארד, איז אזא באווארעניש באזונדערס נויטיג. דאס וועט זיכער פארהיטען א גרויסע צאל פון אונזערע מיטגלידער פון פארלירען א טייל פון זייערע בענעפיטס ווען זיי זיינען ארבייטסלאז.

די צווייטע פארבעסערונג אין דעם נייעם אגרימענט, איז דאס וואס די אסאסיאיישאנס האבען אויף זיך גענומען די פאראנטווארטליכקייט פאר די לעצטע אכט טעג שכירות פון די ארבייטער ווען א שאפ גיט זיך אויף, באנקראטירט אדער איז איבער א וועלכער עס איז אנדער אורזאך ניט אימשטאנד צו צאלען זיינע ארבייטער די שכירות וואס ער איז שולדיג. דורך די לעצטע פיר מאנאטען זינט דער נייער אגרימענט איז אריין אין קראפט, האט עס שוין פאסירט אין צוויי פאלען וואו פירמעס האבען ניט געצאלט די שכירות פון זייערע ארבייטער און די אסאסיאיישאן האט גוט געמאכט דער יוניאן די געלט וועלכעס מיר האבען איבערגעגעבען די באטרעפענדע בעלי מלאכות.

דורך דעם פארגאנגענעם יאר האט אונזער יוניאן געהאט א נעט צואוואוקס פון 470 מיטגלידער; די געלט וואס די יוניאן פארמאגט אין איר טרעזשורי האט זיך פארדרייפאכט; מיר האבען ארגאניזירט נאך פופציג שעפער און אין פילע שעפער וואס זיינען ביז איצט געווען יוניאן שעפער בלויז אין נאמען, איז איינגעשטעלט געווארען יוניאן באדינגונגען און יוניאן קאנטראל.

אונזער יוניאן האט דורך דעם יאר אויסגעצאלט צו מיטגלידער די סומע 5,843 דאלאר אין קראנקען בענעפיט; מיר האבען געשטיצט ארבייטסלאזע, נויטבאדערפטיגע מיטגלידער מיט דער סומע פון 10,594 דאלאר; לאקאל 66 האט אויך ניט פארנאכלעסיגט איר פליכט צו העלפען אנדערע ארבייטער, פראגרעסיווע און וואוילטעטיגע ארגאניזאציעס דא אין לאנד און אין אויסלאנד. מיר האבען צו אזוינע ארגאניזאציעס בייגעשטייערט דורך דעם פארגאנגענעם יאר צוויי טויזענד דאלאר.

מיט א ברייט פארצוויגטער טעטיגקייט פון אונזער יוניאן אויף די פארשידענע געביטען, האבען מיר אויך ניט פארגעסען צו פארשטארקען דעם קאנטראל איבער די ארבייטס־באדינגונגען אין די שעפער. אונזערע ביזנעס אגענטען האבען דורך דעם יאר אפגעשטעלט 437 באזוכען אין די שעפער, צוזאמען מיט פארטרעטער פון די אסאסיאיישאנס דורך די ארבייטס־שטונדען. זיי האבען אויך דורכגעפירט 3,600 שאפ אינספעקציעס פאר און נאך דער ארבייטס־צייט צו זען אויב מען ארבייט ניט קיין אומגעזעצליכע שטונדען. די אינספעקציעס זיינען געמאכט געווארען פון פרייוויליגע מיטגלידער. מיר האבען געבראכט צו דער לעיבאר באארד און דארט געסעטעלט צוויי הונדערט און צוויי קעיסעס פאר פארלעצונגען פון אגרימענטס און איינגעמאנט טויזענטער דאלאר אין שאדענערזאץ. אין איין פאל האבען מיר געבראכט קלאגען געגען א באס אין געריכט און געוואונען אייניגע פון די אויסערגעוויינליכע ענטשיידונגען וואס האט פארבאטען דער פירמע צו ברעכען די פארשריפטען פון אגרימענט. האט איס געצוואונגען צוריק צו נעמען צוועלף אנטזאגטע ארבייטער און באצאלען זיי זעקס וואכען שכירות פאר דער צייט וואס זיי האבען פארלוירען. אונזער לאיער אין דער קעיס איז געווען מר. דזשעינס פון עלייאס ליבערמאנ'ס אפיס.

# אויפן דרעסמאַכער פראָנט

פון נ. ב. מינקאָף



ס איז נאָך אַלץ ניטאָ גענוג אַרבייט אין דרעס טרייד אַפילו צו פאַרזאָרגען יעדען אַרבייטער מיט אַ פּלאַץ צו דער אַרבייט. איך רעד שוין ניט וועגען פאַרזאָרגען די בעלי מלאכות אויף אַ לעבען צו מאַכען. מיר האָבען זיך שוין צוגעוואוינט צוביסלאַך צום געדאַנק, אַז מען מוז ניט מאַכען קיין לעבען פון אַרבייטען ביי דרעסעס. אָבער אַ שאַפּ מיט אַ שטול אויף וועלכען אַוועקצוזעצען זיך דאָס איז שוין אַן אַנדער עסק. צו דעם, לכל הפחות, איז יעדער אַרבייטער באַרעכטיגט. און דער ראַזסקאַש פעלט אויך.

האָט די אַדמיניסטראַציע כסדר אַ צוויפאַכע אויפגאַבע: זען אַז דאָרט וואו עס איז דאָ אַרבייט, זאָלען אָפּגעהיט ווערען די יוניאָן באַדינגונגען און גלייכצייטיג פאַרזאָרגען די אַרבייטסלאָזע מיט פּלעצער צו דער אַרבייט און אַ מעגליכקייט צו פאַרדינען דעם שטיקעל ברויט. וואָס אַנבאַלאַנגט דער ערשטער אויפגאַבע, קען מען נאָך זי ווי עס איז דורכפירען. אונזערע מיטגלידער פאַרשטייען זייערע אינטערעסען. די בעלי בתים האָבען אַביסעל מורא. בינו לבינו איז נאָך די לאַגע וואו עס איז דאָ אַרבייט צו דערליידען. אין פּרט אָבער פון באַזעצען אַרבייטסלאָזע איז שוין די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע.

טאַקע דערפאַר וואָס עס איז דאָ ווייניג אַרבייט, זיינען די בעלי בתים זייער איבערקלייבעריש. מען דאַרף זיין שנעל, מען דאַרף זיין אַן אַרטיסט, מען דאַרף זיין יונג און מען דאַרף זיין שיין. מען דאַרף און מען דאַרף. און ווי איז דער דין אַז מען איז עס ניט אַלעס מיט אַמאָל? טויג ניט. דערצו נאָך, מוז מען דערציילען דעם אמת — נעמליך אַז אונזערע אייגענע מיטגלידער העלפען אונז אויך זייער ווייניג אַרויס אויף דעם געביט. עס איז ליכט צו פאַרשטיין אַז שולדיג אין דעם איז די געדריקטע עקאָנאָמישע לאַגע. נאָך אַן אַרבייטער אין שאַפּ, מיינט ווייניגער אַרבייט פאַר די וועלכע זיינען שוין דאָרט. דאָס איז ניט יושר'דיג איז געוויס איבעריג צו ווידערהאָלען. ערשטענס, האַנדעלט זיך עס וועגען מיטגלידער אין דער זעלבער יוניאָן. אַלע צאָלען די זעלבע בייטראַגען און זיינען דערפאַר באַרעכטיגט צו די זעלבע פּריווילעגיעס. צווייטענס, ווייסט קיינער ניט וועמעס „נעקסט" עס איז. ווי לאַנג דאַרף עס נעמען און דער שאַפּ, וועלכער אָפּערירט, דאַכט זיך, אויף אַ פּראָפיט, און אַלץ גייט כסדר, זאָל זיך פאַרמאַכען? און וואָס זאָלען טאָן די מענשען וועלכע בלייבען אַרבייטסלאָז? היינט וואָס איז וועגען דער מאָראַלער זייט פון דער פראַגע? זיינען מיר דאָך ראַדיקאַלען, פּראָגרעסיסטען, וועלכע האָבען גאַנצע פּרעטענזיעס אויף ראַדיקאַליזם און פּראָגרעסיוויזם און וואָס ניט?

דעריבער איז עס די הייליגע פליכט פון יעדען מיטגליד פון דער יוניאָן צו העלפען אונזערע אַרבייטסלאָזע געפינען פּלעצער צו דער אַרבייט.

### אויפן פּאָליטישען יאַריד

אין אונזער אייגענעם לאָקאַל 22, פּונקט ווי אין די איבעריגע לאָקאַלען פון דער אינטערנעשאַנאַל, שטייען מיר איצט ערב אַ פּאָליטישען קאַמפּיין. טראָץ דעם וואָס די וואַלען וועלען פאָרקומען מיט פילע וואָכען שפּעטער, איז שוין אָבער די לופט עלעקטריפיצירט מיט פּאָליטיק. מען קען עס ממש אָנטאַפּען מיט דער האַנט. קומט אַ ברודער אין אָפיס מאַכען אַ קאַמפּליין אָדער סתם אַן אָנפראַגע, טוט ער עס בקול רם אַז קיינער וועלכער שטייט דערביי זאָל חס וחלילה ניט פאַרפעלען צו הערען. נעמט אַ שוועסטער אַ וואָרט ביים שאַפּ־מיטינג, שלעפּט זי צוזאַמען אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, דערמאַנט נעמען פון יוניאָן באַאַמטע, וועלכעס האָט לחלוטין ניט צו טאָן מיטן ענין, אָבער גיי מאַן יושר, ווען מען שטייט ערב אַזאַ וויכטיגען קאַמפּיין!

היינט די דעקלאַראַציעס אין די צייטונגען! אַנו פּרובירט ראַזבירייען די פאַרשידענע גרופּען. אויב אייך איז געלונגען איבערצוילען, קענט איר מאַכען אַ שטיקעל טאַלק פון זייערע ערקלערונגען? אַלע בלוטיגען געבאָך פאַר דער „נעסטשאַסטנער יוניע". אַלע וויינען אויפן קול — יוניטי (אייניגקייט). מערקווירדיג! אַלע ווילען אייניגקייט און יעדען טאָג הערט מען פון נייע גרופּען, נייע קלייזלאַך. דאַכט זיך, אַלע ווילען דאָס זעלבע — אַ שטאַרקע, אַ פאַראייניגטע אָרגאַניזאַציע וועלכע זאָל באַשיצען די אינטערעסען פון די מיטגלידער און על פי שכל האָט מען זיך אַלע געדאַרפט פאַראייניגען און צוטוליען זיך נעענטער איינער צום אַנדערען. אַנשטאָט דעם צעטיילט מען זיך אויף קלייזלאַך און וואָס מער פיינטליכע לאַגערען אַלץ מער רכילות, אַלץ מער זידעריי, אַלץ מער אינטריגעס. אָבער גיי מאַן די וחשבון ערב עלעקשאַן!

פונדעסטוועגען בין איך פון דעם גאָר ניט אַנטוישט. אויב דאָס איז דער מקח וועלכען מיר דאַרפען באַצאָלען פאַר האָבען דעמאָקראַטיע אין אונזער יוניאָן, איז עס נאָך אַלץ זייער ביליג. עס וועט נעמען אַ פּאָר וואָכען און דער גאַנצער קאַשמאַר וועט אַריבער. די „יוניע" וועט בלייבען די זעלבע און דרעסמאַכער וועלען זיך נאָך אַלץ דאַרפען מאַטערען צו מאַכען אַ שטיקעל לעבען.

### די דרעסמאַכער קרעדיט יוניאָן

דינסטאָג אָוועט, יאַנואַר דעם 4טען, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די יערליכע אסיפה פון אונזער אייגענער אַקציע — די דרעסמאַכער קרעדיט יוניאָן — וועלכע שטייט אונטער דער השגחה פון דעם „ניו יאָרק סטייט בענקינג דעפּאַרטמענט".

די דרעסמאַכער באַנק, ווי אונזערע אַקטיווע מיטגלידער רופען עס, איז געגרינדעט געוואָרען מיט 2 יאָר צוריק און ציילט שוין קרוב 3 הונדערט מיטגלידער. לויט דעם פינאַנציעלען באַריכט, וועלכער איז לעצטענס פאַרעפנטליכט געוואָרען, איז לעצטען יאָר אויסגעליען געוואָרען אַן ערך 17 טויזענט דאָלאַר. דער קאַפּיטאַל פון באַנק באַטרעפט $8,593.81.

די מיטגלידערשאַפט אָדער „שערהאָלדערס" פון באַנק באַשטייט אויסשליסליך פון לאָקאַל 22 מיטגלידער, מערסטע פון וועמען זיינען אַקטיווע טוער אין לעבען פון אונזער יוניאָן. די באָארד אָוו דירעקטאָרען באַשטייט פון די פאָלגענדע: מאַקס מעדווין, פּרעזידענט; בעני נאַוער, וויצע־פּרעזידענט; מענדעל בליושטיין, טרעזשורער; פיליפּ קאָהען, סעקרעטאַר. ברודער סאַשאַ זימערמאַן איז טשערמאַן פון דער סופּערוויזאָרי קאָמיטע און איליי אייזענבערג איז טשערמאַן פון דער קרעדיט קאָמיטע.

דער אוידיטאָר פון דעם ניו יאָרק סטייט בענקינג דעפּאַרטמענט האָט אויסגעדריקט זיין פולשטענדיגע צופרידענהייט מיט דער אַרט און ווייזע ווי די דרעסמאַכער קרעדיט יוניאָן פירט אָן אירע געשעפטען און האָט באַגריסט די דירעקטאָרען מיט דעם ערפאָלג וואָס די אינסטיטוציע האָט געמאַכט לעצטען יאָר.

מיטגלידער פון לאָקאַל 22 וועלכע ווילען זיך אָנשליסען אָן דער אַקציע און אַזוי אַרום אויסמיידען צאָלען הויכע אויב ניט קיין סקאַנדאַליעזע פּראָצענטען, ווען מען דאַרף מאַכען אַ הלוואה (און וועלכער דרעסמאַכער נויטיגט זיך ניט אין אַ הלוואה?) דאַרפען זיך ווענדען אין 567—7טע עוו., אירגענד וועלכען מיטוואָך אָוועט.

### אויפן קולטור־געביט

שבת, דעם 20טען יאַנואַר, איז אין אָפיס פון לאָקאַל 22 פאָרגעקומען דער ערשטער פון אַ רייהע ליטעראַרישע פרימאָרגענס, וועלכע זיינען צוגעגרייט געוואָרען אונטער דער אויפזיכט פון דעם בילדונגס־פאַרוואַלטער פון לאָקאַל 22, מאַרטאַן ווישענגראַד.

אַברהם רייזין, דער באַרימטער און באַליבטער אידישער אַרבייטער פּאָעט, האָט פאָרגעלייענט פון זיינע אייגענע שריפטען. עס איז געוויס איבעריג צו זאָגען, אַז אַברהם רייזין וועמעס לידער זיינען פאַר אַ משך פון צענדליגער יאָהרען געוועזן און זיינען נאָך עד היום דער גייסטיגער קוואַל, וועלכער באַפרידיגט אונזער עסטעטישען געשמאַק און רופט גלייכצייטיג צום קאַמף פאַר אַ בעסערען און שענערען לעבען, איז העכסט וואַרים און חבר'יש אויפגענומען געוואָרען פון עולם.

מיטגעווירקט אין פּראָגראַם האָט אויך די דיכטערין ברכה קאַפּשטיין און קלמן הייזלער, דער אַנערקענטער יונגער פּאָעט און מיטגליד פון לאָקאַל 22, וועמעס דריטער באַנד געקליבענע ווערק, איז לעצטענס אַרויסגעגעבען געוואָרען דורך די באַמיהונג פון די אַרבעטער רינג און נאַציאָנאַלען אַרבעטער צוויגען פון לאָקאַל 22.

דערצו נאָך איז די פאַרזאַמלונג באַערט געוואָרען מיט אַן אומגערוואַרטעטען באַזוך פון דעם חשוב'ן פּרעזידענט פון אונזער אינטערנעשאַנאַל דוד דובינסקי, וועלכער האָט געהאַלטען אַ קורצע רעדע אין וועלכער ער האָט אויסגעדריקט זיין צופרידענהייט וואָס דער פּאָרגויאַישטער לאָקאַל 22 האַלט נאָך אַלץ פון דעם אידישען וואָרט. ער האָט אויך געלויבט די לידער פון ברכה קאַפּשטיין, אויך אַ מיטגליד פון אונזער אינטערנעשאַנאַל.

### קלמן הייזלער אָוונט

און אַז איך האַלט שוין ביים ענין ליטעראַטור, וואָלט איך בעטען אַלע אונזערע אידישיסטען צו באַזאָרגען זיך באַצייטענס מיט בילעטען צום גרויסען ליטעראַרישען און מוזיקאַלישען אָוונט, אַראַנזשירט פון די אַרבעטער רינג און נאַציאָנאַלען אַרבייטער צוויג פון לאָקאַל 22, פאַר שבת אָוונט, דעם 24טען פעברואַר, אין לייבאָר סטיידזש, 39טע גאַס און 6טע עוועניו, לכבוד אונזער טאַלאַנטפולען יונגען פּאָעט און מיטגליד, קלמן הייזלער.

### וויכטיגע מיטגלידער מיטינגען

דינסטאָג, מיטוואָך און דאָנערשטאָג, דעם 27טען, 28טען און 29טען פעברואַר, און מאָנטאָג דעם 4טען מאַרטש, קומען פאָר די געוויינליכע מיטגלידער פאַרזאַמלונגען פון לאָקאַל 22. לייענט די טעגליכע פּרעסע פאַר וויטערדיגע אַנאָנסען.

# באַריכט פון דרעס פּרעסערס לאָקאַל 60

איבער 1,600 מיטגלידער פון דער דרעס פּרעסערס יוניאָן, לאָקאַל 60, האָבען זיך באַטייליגט אין אַן אויסערגעוויינליך באַזוכטען מעמבערשיפּ מיטינג, דאָנערשטאָג דעם 18טען יאַנואַר. וויס־פּרעזידענט מאַקס קאָהען, מענעדזשער פון לאָקאַל האָט אָפּגעגעבען אַן אויספירליכען באַריכט וועגען דער לאַגע אין טרייד.

„די לאַגע אין טרייד — האָט קאָהען אָנגעוויזען — איז ניט זעהר גוט. די יוניאָן שטעהט אָבער שטענדיג אויף דער וואַך אום צו פאַרהיטען אַז די אויסגעקעמפּטע באַדינגונגען פון די פּרעסערס זאָלען פון די באַלעבאַטים אָפּגעהיט ווערען ביז דעם לעצטען פּונקט.

„ספּעציעל איצט — האָט דער מענעדזשער אָנגעוויזען — ווען עס ווערען שוין געמאַכט צוגרייטונגען צו באַנייען דעם אַגרימענט וועלכער געהט אויס אין ניין מאָנאַטען אַרום, מוז מען האַלטען אַ וואַכזאַם אויג אויף יענע באַלעבאַטים וועלכע ווילען אַנטלויפען אויט־אָוו־טאַון. די יוניאָן וועט זאָרגפעליג אָפּשעקען יעדע פירמע וועלכע עס געלינגט צייטווייליג צו אַרויסצוציהען פון ניו יאָרק."

איינע פון די וויכטיגסטע פּראָגען וועלכע זיינען פאַרהאַנדעלט געוואָרען ביי דעם מיטינג איז געווען די פּראָבלעם פון די אַרבעטסלאָזע. אין דעם ענין, האָט מענעדזשער קאָהען דערקלערט, טוט דער לאָקאַל אַלץ אין זיינע כוחות צו באַזאָרגען די אַרבעטסלאָזע מיט דזשאָבס. אין פאַרלויף פון זיין רעדע האָט ער אויף אַ זעהר ענרסטען אופן אונטערגעשטראָכען אַז דער פּראָבלעם פון העלפען די אַרבעטסלאָזע איז איינער פון די וויכטיגסטע פּראָבלעמען אין לאָקאַל, און ער האָט אויפגעפאָדערט די מיטגלידער וואָס האָבען אַרבייט צו העלפען די אַרבייטסלאָזע דורך טיילען זיך מיט דער אַרבעט. זיין אַפּיל איז שטורמיש אַפּלאָדירט געוואָרען פון די מיטגלידער.

רעדענדיג וועגען די אַרבייטסלאָזע האָט מאַקס קאָהען באַריכטעט, אַז אין לאָקאַל געפינען זיך היינט־צו־טאָג 272 אַרבייטסלאָזע; אַז אין יאָר 1939 האָט דער עמפּלאָימענט דעפּאַרטמענט געהאָלפען די אַרבייטסלאָזע דורך „טעג" אַרבעט אויף דער סומע פון 130 טויזענט דאָלאַר. דאָס איז געווען דער ווירדיגסטער ענטפער צו די עטליכע קאָמוניסטען אין לאָקאַל, וועלכע שפּילען אויף די סטרונעס פון אַרבייטסלאָזע מענשען און ווילען שלאָגען קאַפּיטאַל פון זייערע צרות. ער האָט זיי געראָטען צו איפּהערען פּלוידערען וועגען העלפען די אַרבייטסלאָזע און בעסער ווייזען אַ ביישפּיל דורך אַרויסנעמען עטליכע אַרבייטסלאָזע אין זייערע שעפּער. ער האָט גלייכצייטיג אַפּעלירט צו אַלע מיטגלידער צו באַזעצען וואָס מעהר אַרבייטסלאָזע אין די שעפּער. ער האָט דערביי דערקלערט אַז די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 60 צוזאַמען מיט דר. טעפּער'ן פון דער אינטערנעשאַנאַל און מיט אַ ספּעציעלער אַנעמפּלאָימענט קאָמיטע אַרבייטען איצט אויף פאַרשידענע פּלענער אום צו לייזען דעם אַרבייטסלאָזען פּראָבלעם.

אויף די העצעס פון די סטאַליניסטען האָט אויך גע־

# אין קלאוק אפערייטארס יוניאן לאקאל 117



ריינטרעטענדיג אין דעם נייעם יאר, ווילט זיך אנווארפן פאר די לייענער פון דער „גערעכטיגקייט" א שטיקעל בילד פון די פראבלעמען, שוועריגקייטן און טעטיגקייטן פון אונזער קלאוק אפערייטארס יוניאן לאק. 117. אלס ארבייטער ליידען מיר, קלאוק אפערייטארס, פון אלע איבלען און שוועריגקייטן, פון וועלכע עס ליידען ארבייטער אין אלגעמיין. אינדוסטריעלע פראבלעמען, מיט וועלכע עס ראנגלען זיך ארבייטער אין אלע אינדוסטריען אין לאנד, ווי דער דויערענדער קריזיס און די שווערע ארבייטסלאזיגקייט, מיידט אויך ניט אויס די קלאוק אינדוסטריע, פון וועלכער אונזערע מיטגלידער ציען זייער חיונה. אלס צוגאב צו די אלגעמיינע שוועריגקייטן, האבען מיר נאך אויך די ספעציעלע צרות פון וועלכע עס ליידען די נאדעל טריידס אין אלגעמיין און די קלאוק אינדוסטריע ספעציעל. די אלע איבלען גרייפען אבער אן אונז קלאוק אפערייטארס פיל שארפער ווי וועלכע עס איז ארבייטער פון די אנדערע פאכען אין קלאוק טרייד, ווייל מיר זיינען, ערשטענס, דער גרעסטער פאך אין טרייד און מער מענשען ווערען באריהרט פון די איבלען און, צווייטענס, ווייל די אפערייטארס אלס פאך ליידען מער ווי די אנדערע פאכען פון די נייע אנטוויקלונגען אין טרייד. איבער דעם איז שוין פארשטענדליך אז אונזער קלאוק אפערייטארס לאקאל מוז שארפער רעאגירען אויף די אלע שוועריגקייטן און טאן וואס מעגליך זיי צו באזייטיגען.

אונזער שווערסטע פראבלעם, די מכה, פון וועלכער אונזערע קלאוק אפערייטארס ליידען אממערסטען, איז, נאטירליך, מאנגעל אין פרנסה. די אורזאכען, אחוץ די אלגעמיינע שווערע לאגע אין לאנד,' פון אלע ליידען, זיינען גוט באוואוסט. עס איז, ערשטענס, דאס וואס באנדלען קלאוקס און סוטס קיקלען זיך אוועק איבעראל אויסער ניו יארק; צווייטענס, דער ביז איצטיגער שוואכער יוניאן קאנטראל אין ברוקלין, אוט־אור־טאון און אפילו אין ניו יארק; דריטענס, דאס וואס אנדערע יוניאנס, וועמעס מיטגלידער קענען נייען אויפ'ן מאשין, האבען זיך אריינגעריסען אין אונזער טרייד און נעמען אוועק ארבייט. אחוץ די ארבייטסלאזיגקייט זיינען נאך פאראן מאסען קלענערע פראבלעמען, מיט וועלכע מיר באגעגענען זיך טאג־איין טאג־אויס, אבער די שווערסטע פראבלעם בלייבט: ווי אזוי צו באזארגען אונזערע מיטגלידער מיט א יושר'דיגער מאס ארבייט.

זיינען דאס, אמת, אלץ פראבלעמען וואס זיינען נוגע אלע קלאוקמאכער און אונזער קלאוקמאכער יוניאן אלס א גאנצע, ווי זי איז פארטראטען אין דעם דזשאינט באארד, ראנגעלט זיך דערמיט. איבער דער ספעציפישער לאגע אבער וואס אונזערע אפערייטארס פארנעמען אין די שעפער, איבערהויפט אין די מיטעלע און ביליגע לאינס, איז אונזער לאקאל אממשטארקסטן פאראינטערעסירט אין די אלע טרייד און ארגאניזאציאנס פראבלעמען וואס אט די אומשטענדען רופען ארויס.

דער פלאן, צום ביישפיל, וועגען קריגען א גרעסערען חלק פון דער ביליגער לאין קלאוקס פאר די ניו יארקער ארבייטער, דאס וועט נאטירליך שאפען פלאץ פאר אונזערע ארבייטסלאזע און געבען מער באשעפטיגונג. דאס זעלבע וועט א שטארקערער און בעסערער יוניאן קאנטראל אין די שעפער אין ברוקלין, אוט־אור־טאון און אין ניו יארק, פארהיטען אז די יוניאן באדינגונגען זאלען ניט ארונטערזינקען. מיר זיינען אויך, נאטירליך, פאראינטערעסירט אין דעם וואס פירמעס גייען ארויס פון ביזנעס, ווייל דאס פארגרעסערט די צאל ארבייטסלאזע, און דערמיט די ליידען פון אונזערע מיטגלידער.

די מכה פון טעמפארערי קאנטראקטארס און טעמפארערי דזשאבס ברענגט גרויס שאדען דעם טרייד און

פירט דערצו אז יוניאן באדינגונגען זאלען ארונטערזינקען. די ארבייטער ביי אזוינע טעמפארערי קאנטראקטארס אדער אויף צייטווייליגע דזשאבס פילען געקריוודעט וואס די יוניאן פארטיידיגט ניט זייער בארעכטיגונג אויף ארבייט אין א גלייכער מאס ווי די וואס ארבייטען אויף סטעדי דזשאבס. אונזער לאקאל איז נאטירליך שטארק פאראינטערעסירט אפצושאפען אט דעם איבעל. מיר זיינען אויך בלוטיג פאראינטערעסירט אז דער פונקט אין אגרימענט אז שעפער זאלען ארבייטען מיט ניט ווייניגער ווי 14 מאשינען, זאל דורכגעפירט ווערען, ווייל דאס וואלט געשאפען ארבייטס־פלעצער פאר פילע ארבייטסלאזע. מיר זיינען אויך מער ווי די ארבייטער פון די אנדערע פאכען פאראינטערעסירט אין דער „אווערלעפינג פראבלעם". מיר זיינען פאראינטערעסירט צו קריגען אונטער אונזער קאנטראל די שעפער וואו עס ווערען געמאכט די „מעניש טייפ" סוטס, ווייל דאס וועט געבען מער ארבייט, מער פרנסה אונזערע מיטגלידער.

## וואס אונזער לאקאל האט געטאן און טוט אויף דעם געביט

איך וויל דא קודם כל צוגעבען, אז כאטש מיר האבען דא און דארט אביסעל פארלייכטערט די צרה'דיגע לאגע, האבען מיר אבער נאך ווייט ניט באזייטיגט די הויפט שוועריגקייטן. אין דער רוטינער, טאג־טעגליכער ארבייט פון אונזער לאקאל שפיגעלט זיך אבער גענוי אפ אט די אלע פראבלעמען און מיר טוען וואס נאר מעגליך, צוזאמען מיט דער דזשאינט באארד, צו פארלייכטערן די לאגע און לייזען די פראבלעמען.

דורך אונזער לאקאל גייען דורך אזוי פיל פארשיידענארטיגע קאמפלעינטס און פראבלעמען, אז אונזער אפיס זעט אפט אויס ווי א דזשאינט באארד. עס איז ניטא קיין איינציגע ערשיינונג פון אפערייטארס שאפ־לעבען, מיט וועלכע ער זאל ניט קומען מיט א קלאגע, פאר אן עצה אדער פארלאנג אין אונזער לאקאל. מיר נעמען, נאטירליך, אויף די אלע קאמפלעינטס מיטן גאנצען ערנסט און אחריות וואס דאס פארדינט און מיט די ברידערליכסטע באציאונגען צו די בעלי מלאכות. איינציגע קאמפלעינטס ווערען געשליכטעט פון אונזער אפיס דירעקט, אנדערע שיקען מיר איבער צו די געהעריגע דעפארטמענטס פון אונזער דזשאינט באארד.

מיר ווארטען אויך ניט אלעמאל אז די אפערייטארס זאלען קומען צו אונז מיט קאמפלעינטס. דורך די זיבען מאנאטען וואס די איצטיגע אדמיניסטראציע איז אין אפיס, האבען מיר דורכגעפירט קארגע דריי הונדערט שאפ־מיטינגען און דורך די מיטינגען אויסגעפונען פארשידענע אונרעגעלמעסיגקייטן אין די שעפער. מיר האבען זיך גלייך געשטעלט אין פארבינדונג מיט דעם דזשאינט באארד און אזוי ארום געהאלפען דערגרייכען שנעלע רעזולטאטען.

אויפ'ן געביט פון קריגען ארבייט פאר אונזערע ארבייטסלאזע, האט אונזער לאקאל קודם כל געטאן אלץ וואס עס איז געווען מעגליך ארויפצוזעצען ארבייטסלאזע אויף פלעצער, אפילו אין שעפער וואו מען האט געארבייט בלויז דריי אדער פיר טעג א וואך. עס איז אינז געלונגען צו באזעצען אויף פלעצער א היפשע צאל, אבער דאס איז נאטירליך ניט מער ווי א טראפען אין ים. אזוי שנעל ווי אונזערער א מיטגליד קריגט באשעפטיגונג אין א שאפ וואס ווערט קאנטראלירט פון אן אנדער יוניאן, שטעלען מיר זיך אין פארבינדונג מיט יענער יוניאן און בעטען אז מען זאל אים ניט מאכען קיין שוועריגקייטן. די יוניאנס קאאפערירען מיט אונז אויפ'ן פריינדליכסטען שטייגער, דורך אונזער איניציאטיווע האט די דזשאינט באארד באשלאסען צו באזייטיגען דעם איבעל פון „טעמפארערי קאנטראקטארס און טעמפארערי דזשאבס", אום יעדער מיטגליד, ווען ער קריגט באשעפטיגונג אין א שאפ זאל זיין גלייכבארעכטיגט און ניט דארפען מורא האבען יעדען טאג צו פארלירען זיין ארבייט.

אונזער לאקאל האט דורך די לעצטע זעקס מאנאטען אויך אויסגעצאלט צענדליגע טויזענטער דאלארס אין קראנקען בענעפיט און שטיצע צו נויט־באדערפטיגע מיטגלידער.

אחוץ דעם האבען מיר דורכגעפירט אן אונטערזוכונג אין די שעפער און פעסטגעשטעלט וויפיל מאשינען עס זיינען פארנומען און וויפיל ליידיגע מאשינען עס זיינען פאראן אין די שעפער; וויפיל שעפער עס ארבייטען מיט ווייניגער ווי 14 מאשינען; וויפיל עס ארבייטען פון שטיק און וויפיל פון וואך; וויפיל פון אונזערע מיטגלידער עס ארבייטען אין די שעפער; וויפיל ליינינג מאכער; וויפיל מענער און וויפיל פרויען אפערייטארס. אט די אונטערזוכונג, ערווארטען מיר, זאל אונז העלפען אין א גרויסער מאס באזעצען ארבייטסלאזע אויף פלעצער. קאפיעס פון דעם באריכט פון דער אונטערזוכונג האבען מיר ארויסגעשיקט צו אלע דעפארטמענטס און דיסטריקט מענעדזשערס פון דער דזשאינט באארד אום צו באקענען זיי מיט דעם גענויען צושטאנד אין די שעפער און אונז העלפען אין דעם קאמפיין צו באזעצען ארבייטסלאזע.

דורך דער צייט האט אונזער לאקאל גוטגעהייסען דעם פלאן וועגען די ביליגע לאין ארבייט; דעם צען דאלאר טעקס פאר סטרייק און ארגאניזאציאנס טעטיקייטען און דעם נייעם פלאן פאר א בעסערען, מער ווירקזאמען קאנטראל אין ברוקלין, וועלכעס מיינט די אפשאפונג פון דעם אזוי גערופענעם „צענטראליזאציע פלאן".

מיר האבען דורך דער צייט דורכגעפירט באזונדערע, גוט באזוכטע מיטינגען פון די געוועזענע מיטגלידער פון לאקאל 17 און לאקאל דריי, וועלכע ארבייטען ביי ריפערס און סעמפעלס, און דארט אויפגענומען און פארהאנדעלט איבער זייערע ספעציפישע טרייד־פראבלעמען. אונזער אדמיניסטראציע פירט דורך די מיטינגען אלס פארפליכטונג וואס אונזער לאקאל האט אויף זיך גענומען ווען עס איז דורכגעפירט געווארען די פאראייניגונג פון די לאקאלס 1, 17 און 3.

פון דעם וואס דא איז געזאגט געווארען קענען די מיטגלידער שוין מאכען זיך א באגריף וועגען דער ארבייט, מיט וועלכער אונזער אפיס, דער מענעדזשער, אסיסטענט מענעדזשער און סטעף זיינען טאג־טעגליך פארנומען. די ארבייט באשטייט אין אויסגלייכען סכסוכים, העלפען אונזערע ביזנעס אגענטען ווען זיי באגעגענען שטערונגען אין פראגען וואס זיינען נוגע אונזערע אפערייטארס, סעטלען פרייזען צוזאמען מיט אנדערע יוניאנס אין א צאל שעפער, וועלכע קריגען רעפס, וועלוועט נאוועלטיס פון דרעס פירמעס און ענליכע, און געפינען ווי ווייט מעגליך פלעצער פאר ארבייטסלאזע.

## אונזערע בילדונג און פארוויילונגס טעטיגקייטען

אחוץ די רוטינע יוניאן ארבייט פירט אן אונזער לאקאל א ברייט־פארצווייגטע בילדונג און פארוויילונג טעטיגקייט פאר אונזערע מיטגלידער. מיר האבען צוגעגרייט פאר דעם סעזאן 42 לעקציעס אויף פאליטישע, סאציאלע און טרייד־יוניאן טעמעס, מיט בארימטע לעקטארען אין אידיש און ענגליש; די לעקציעס ווערען געגעבען אין די שטאט־טיילען וואו אונזערע מיטגלידער וואוינען. מיר ווילען אויך דורכפירען 12 אפען פארומס אין אונזער לאקאל אפיס מיט איינלייטער פון דער טרייד יוניאן באוועגונג, הויפטזעכליך פון אונזער לאקאל.

מיר האבען א שיינעם מענדאלין ארקעסטער פון קינדער פון אונזערע מיטגלידער; מיר האבען א כאר פון אונזערע מיטגלידער, וועלכער איז א טייל פון דעם אלגעמיינעם אינטערנעשאנעל כאר; מיר האבען א שיינע לייברערי פאר די מיטגלידער. אונזער בילדונג ארבייט פירען מיר אן ערפאלגרייך מיט דער פריינדליכער קאאפעראציע פון עדיוקיישאנעל דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל, הויפטזעכליך פון סעקרעטער פון דעפארטמענט, שוועסטער פאניא מ. קאהען. שבת אוונט, דעם 30טען דעצעמבער, האבען מיר דורכגעפירט א קאנצערט און באל פריי פאר אונזערע מיטגלידער, ביי וועלכען ארום דריי טויזענט מענשען האבען פיין פארבראכט און זיך גוט אמוזירט.

ווי איר זעט, איז אונזער לאקאל א לעבעדיגע, טעטיגע ארגאניזאציע, און כאטש מיר האבען נאך ניט געלייזט אלע אונזערע אנגעווייטיגטע פראבלעמען, טוט אבער די פירערשאפט אלץ וואס עס איז נאר דא אין אירע כוחות צו באשיצען, באזארגען און באווארענען די אינטערעסען פון אונזערע מיטגלידער און דעם וואוילזיין פון אונזער לאקאל. דאס גיט אונז דעם מוט פארצוזעצען דעם קאמף און די האפענונג אז מיר וועלען בייקומען די שוועריגקייטן.

---

**פון בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער**

---

**ענטפערט איזידאר וואסילעווסקי, טשערמאן פון לאקאל 80, וועלכער איז געווען דער טשערמאן פון מיטינג.**

**דניאל וויינשטיין, דער מענעדזשער פון עמפלאימענט דעפארטמענט, האט אפגעגעבען אן אויספירליכען באריכט וועגען דער ארבייט פון זיין דעפארטמענט, ברענגענדיג פאקטען און ציפערען. ער האט באריכטעט, אז אין יאר 1939 האט זיך איינגעגעבען אוועקצושטעלען 88 פּרעסערס אויף סטעדי דזשאבס אין דעם ספרינג סעזאן און 84 אין הערבסט סעזאן.**

# אלפענא נעמט זיך צו דער ארבעט

פון א. פלאטקין
גענעראל ארגאניזער.



אין דער היינטיגער צייט, מיט די מאדערנע פארבינדונגס־מיטלען, נעמט עס ניט לאנג פאר נייעס — און ספעציעל גוטע נייעס — צו פארשפרייטען זיך. די מינוט וואס די ראדיא האט פאנאנדערגעטראגען די נייעס איבער די לופט־כוואליעס, אז די אלפענא גארמענט קאמפאני האט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער אינטערנעשאנאל לעידיס גארמענט ווארקערס יוניאן, האט זיך אין די פיר שטעט, אלפענא, שיבאיגען, ראדזשער סיטי און אנאוועי אנגעהויבען א דריי־טאגיגע פייערונג פון דעם ערפאלגרייכען אויסגאנג פון דעם ערשטען וויכטיגען קאמף פאר ארבייטער רעכט אין דעם געגענד פון מישיגען. נאך איידער וויס־פרעזידענט מאריס ביאליס האט געהאט די מעגליכקייט צו טעלעפאנירען די פירער אין אלפענא וועגען דעם סעטעלמענט, איז די שמחה אויסגעבראכען אין די גאסען און די פנים'ער פון די סטרייקער זיינען באלויכטען געווארען מיט זוניגע שמייכלען.

אין איינקלאנג מיט די פירונגען אין אונזער אינטערנעשאנאל, אז קיין אגרימענט קען ניט ווערען געזעצליך ביז עס ווערט ראטיפיצירט פון די מיטגלידער, איז דער אגרימענט מיט דער אלפענא גארמענט קאמפאני אונטערגעשריבען געווארען פאר דער יוניאן פון וויס־פרעזידענט מאריס ביאליס און דעם שרייבער פון די שורות בתנאי, אז עס וועט דארפען גוטגעהייסען ווערען פון די ארבייטער און אונטערגעשריבען ווערען פון די לאקאלע באאמטע. אבער נאך איידער די פירער האבען געהאט צייט צו קומען נאך אלפענא און ערקלערען דעם אינהאלט פון אגרימענט, האבען זיך שוין אנגעהויבען פארשפרייטען קלאנגען אין וועלכע אזוי גערופענע „גרויסע פריינד" פון דער יוניאן האבען פרובירט מאכען צו קליינגעלד די געווינסען פון דער יוניאן דורכן אגרימענט. די „פריינד" וועלכע האבען געסקעבט דורך דער צייט פון סטרייק, זיינען פלוצלונג געווארען שטארק באזארגט, און צו אונזער ערשטוינונג האט זיך אנגעהויבען א שטארקע פראפאגאנדע צווישען די ארבייטער אז זיי זאלען ניט גוטהייסען דעם אגרימענט און ניט אונטערשרייבען די טשעק־אף קארדס. עס איז דערביי נויטיג צו באטאנען אז די פירמע אליין איז אין דער פראפאגאנדע ניט געווען פארמישט און האט דערמיט גאר ניט געהאט צו טאן, ווי א פארזיכטיגע אונטערזוכונג האט באוויזען.

די פראפאגאנדע פון די „גוטע פריינד" האט זיי אבער גאר ניט געהאלפען. שבת, דעם 15טען יאנואר, זיינען געהאלטען געווארען ראטיפיקאציע־מיטינגען פון די ארבייטער אין אלע פיר שטעט. נאכדעם ווי עס איז אפגעהאלטען געווארען א זיצונג פון דער סטרייק קאמיטע. וויס־פרעזידענט ביאליס און דער גענעראל־ארגאנייזער האבען פאר די סטרייקער ערקלערט אלע פונקטען פון דעם אגרימענט. נאך גרינדליכע דיסקוסיעס אין אלע פיר שטעט, ווען עס איז גענומען געווארען צו אן אפשטימונג, האבען בלויז ארום צוואנציג סטרייקערס געשטימט געגען גוט הייסען. דער אגרימענט איז ראטיפיצירט געווארען כמעט איינשטימיג. און עס האט זיך ארויסגעוויזען אז פון די הונדערטע סטרייקער האבען בלויז צוויי זיך אנטזאגט אונטערצושרייבען די טשעק־אף קארטען. די פראפאגאנדע פון די „פריינד" האט אויף די ארבייטער קיין איינדרוק ניט געמאכט.

דער סטרייק געסעטעלט, האבען די ארבייטער גענומען זיך צוריקקערען צו דער ארבייט און עס איז אויפגעקומען די פראבלעם פון פארוואלטען די יוניאן. אין יעדע פון די פיר שטעט איז ערווילט געווארען א שאפ־סטיוארד און א גריוועַנס קאמיטע. קלאגען ווערען אויפגענומען און געשליכטעט אזוי שנעל ווי זיי קומען אויף. פאר די ארבייטער האט זיך אנגעהויבען א נייע צייט. איצט ערשט הויבען זיי אן באגרייפען די ווערדע פון א יוניאן. נאטירליך, איבער דעם דראנג צו גיין וואס שנעלער צוריק צו דער ארבייט, זיינען פילע פראבלעמען געבליבען ניט געלייזט און דארפען איצט אויפגענומען ווערען דורך די מאשינערי וואס איז איינגעשטעלט געווארען צו שליכטען סכסוכים און לייזען פראבלעמען אין שייכות מיטן איינגעשטעלטען פרידען צווישען ארבייטסגעבער און ארבייטער. איין זאך וואס די פירמע אליין האט געמוזט צוגעבען איז אז די ארבייטער זיינען צוריק געגאנגען אין די שעפער אן איבעריגען טומעל און מיט פולשטענדיגער דיסציפלין. דאס איז געווען אזוי בולט, אז ניט נאר האט דער הויפט פון דער פירמע עפענטליך אויסגעדריקט דעם גוטען איינדרוק וואס דאס האט אויף אים געמאכט, נאר ער האט אויך געפונען פאר מעגליך אפצופארען וועגען געשעפט־אנגעלעגענהייטען פיל פריהער ווי ער האט גערעכענט אז ער וועט קענען אונטער די אומשטענדען. ווי די מערסטע בעלי בתים וואס באקעמפען א יוניאן, האט ער אויסגעפונען, אז די יוניאן דיסציפלין צווישען די ארבייטער איז עטוואס, וואס איז זייער גוט.

ווען די ארבייטער זיינען צוריקגעגאנגען צו דער ארבייט, האבען זיי אויסגעפונען אז זיי וועלען ניט קריגען קיין פעי פון שאפ פאר א משך פון דריי וואכען. ווי עס איז דער איינפיר אין די מערסטע קאטאן דרעס שעפער, קריגען די ארבייטער באצאלט אלע צוויי וואכען. אזוי ווי זיי זיינען צוריקגעגאנגען צו דער ארבייט אין אנהויב פון די צוויי וואכען פעריאד און אזוי ווי עס נעמט א פאר טעג ביז מען מאכט אויס די פעי, וועלען זיי ניט קענען קריגען זייערע שכירות פריהער פון 25טען יאנואר. ווען מיר האבען דאס איינגעזען איז באשלאסען געווארען אז וואו נאר מעגליך זאל די שפייז־אפטיילונג פון דער יוניאן וואס מיר האבען איינגעשטעלט צו שפייזען די סטרייקער אנגעהאלטען ווערען ביז די ארבייטער וועלען אפנעמען זייער ערשטע פעי. די אינטערנעשאנאל האט דערמיט באוויזען נאכאמאל די ארבייטער פון אלפענא אז אלץ וואס זי קען טאן פאר זיי, ווערט געטאן.

די פראבלעמען וועלכע מחוץ באלד געלעזט ווערען איז די פראבלעם פון דער ארבייט און דאס צופאסען די פרייזען פאר שטיק ארבייט אויף יעדען טייל אום עס זאל זיך אריינפאסען אין די סקעדיולס פון אגרימענט. וויס־פרעזידענט ביאליס האט פאר דער ארבייט באשטימט ברודער בען דאלניק פון מילוואקי, וועלכער איז געווען זייער ערפאלגרייך אין איינשטעלען די סיסטעם אין דער רעא שאפ, צו פארהאנדלען מיט דער פירמע און מיט דער פרייז קאמיטע און אויסארבייטען א צופרידענשטעלענדיגען וועג ווי אזוי צו באשטימען פרייזען פאר יעדען טייל ארבייט אין דער צוקונפט.

ווי איך האב שוין דערמאנט האבען די ארבייטער אין אלע פיר שטעט געהאט א ספאנטאנע פייערונג פון זייער זיג ווען דער סטרייק איז געסעטעלט געווארען. עס ווערט אבער איצט אראנזשירט אן אפיציעלע פייערונג מיט א וויקטארי באל, וואס וועט געהאלטען ווערען אין מעמאריאל האל אין אלפענא, שבת, דעם 3טען פעברואר. די ארבייטער פון אלע פיר שטעט וועלען קומען צום באל.

דערווייל ווערען דא אויפגעלעבט די טעטיגקייטען וואס די יוניאן האט אנגעפירט איידער דער סטרייק איז גערופען געווארען. קלאסען אין פארשידענע געגענשטאנדען, פארוויילונגען, סקיטס און סקעטשעס אונטער דער אויפזיכט פון די פירער און אנדערע ענליכע אקטיוויטעטען.

דער אלפענא דיסטריקט איז ווידער אין פולען שוואונג — דאס מאל צו א פולערען, רייכערען לעבען און צו דער פראקטישער לעזונג פון זייערע פראבלעמען. גלייכצייטיג זוכען זיי אריינצונעמען אלס מיטגלידער די פארשפעטיגטע און צוריקגעשטאנענע אום צו פארזיכערען די צוקונפט פון זייער ארגאניזאציע. די ארבייטער פון דער אלפענא זיינען איצט א טייל פון דער גרויסער משפחה פון אונזער אינטערנעשאנאל.

# באסטאנער קלאוקמאכער פירען דורך איינדרוקספולען באנקעט

פון וואלף וויינער



לאקאל 56 פון די באסטאנער קלאוקמאכער האט שבת, דעם 6טען יאנואר, דורכגעפירט א שיינעם און איינדרוקספולען באנקעט פאר זיינע מיטגלידער און זייערע פרויען און געלאדענע געסט.

דאס איז געווען א פייערלאכער אווענט באהערשט פון א גייסט פון איינינקייט און ענטשלאסענקייט אויפצוהאלטען די סטענדארדס פון באדינגונגען אין די קלאוק שעפער, וועלכע זיינען דערגרייכט געווארען אין פארלויף פון פילע יארען פון מוטיגע קאמפען.

די גרויסע פרעכטיגע לאבי, דער סאלאן פון ברעדפארד האטעל, איז געווען אנגעפילט מיט א יום־טוב'דיגען עולם, קלאוקמאכער און זייערע פרויען. ביים הויפט־טיש זיינען געווען אויסגעזעצט די הויפט באאמטע פון דער יוניאן און די איינגעלאדענע עהרען געסט. ברודער וואלף וויינער, טשערמאן פון לאקאל 56, האט באגריסט די אנוועזענדע און פארגעשטעלט וויס־פרעזידענט און מענעדזשער, ברודער פיליפ קרעמער, וועלכער האט באגריסט די קלאוקמאכער אלס די פיאנערן פון דער אינטערנעשאנעל, וועלכע האבען געבויט די יוניאן.

מר. דזשארדזש ראוער, דער לאיער פון דער יוניאן, האט באגריסט די קלאוקמאכער און אנגעוויזען אויף די גרויסע געווינסען וועלכע זיי האבען געהאט אונטער דעם באנער פון דער אינטערנעשאנעל. מר. ראוער האט אויך שארף קריטיקירט די דאיעז קאמיטע פאר איר פארזוך צו פאראליזירען די טרייד־יוניאן באוועגונג אין אמעריקע און אפשאפען אלע סאציאלע געזעצען, וועלכע זיינען דורכגעפירט געווארען אונטער דער רוזוועלט אדמיניסטראציע.

דער טאסט־מייסטער האט פארגעשטעלט וויס־פרעזידענט ראוז פעסאטא, וועלכע האט זיך הארציג געזעגענט מיט די באסטאנער קלאוקמאכער פאר איר אפפארען קיין לאס אנדזשעלעס, קאליפארניע, וואו זי איז געשיקט געווארען אלס ארגאנייערין פון דער אינטערנעשאנעל.

דער טשערמאן פון לאקאל 56 האט, אין נאמען פון די קלאוקמאכער, פרעזענטירט צום מענעדזשער, פיליפ קרעמער, א שיינע מתנה אלס אויסדרוק פון אנערקענונג פאר זיין ארבייט אלס פירער און פארוואלטער פון דער באסטאנער דזשאינט באארד.

ביים באנקעט איז דורכגעפירט געווארען א מוזיקאלישע און פארוויילונג פראגראם, אונטער דער לייטונג פון דעם באוואוסטען אסאפסקי'ס ארקעסטער, וועלכער איז אויפגענומען געווארען מיט גרויס בייפאל פון אלע אנוועזענדע.

ביים באנקעט זיינען אנוועזענד געווען אלס געסט פון די קלאוקמאכער אלע טשערלייט פון די באסטאנער לאקאלען, און ביים הויפט־טיש זיינען געזעסען די פאלגענדע עהרען־געסט: דזשארדזש ראוער, לאיער פון דער יוניאן; וויס פרעזידענט קרעמער, טאסט מאסטער; וויס־פרעזידענט ראוז פעסאטא; דזשייקאב איימס, טשערמאן פון דער דזשאינט באארד; דזשייקאב האלפערן, רידזשענאל דירעקטאר פון מיסעלעניוס דעפארטמענטס; סאול האמבורגער, דירעקטאר פון ריקאווערי באארד; אל. דעסער, ארגאנייזער; וואלף וויינער, טשערמאן פון לאקאל; מאריס דימארסקי, ווייס טשערמאן, און מאריס גרינבערג, סעקרעטאר. באגריסונגס־טעלעגראמען זיינען דערהאלטען געווארען פון דזשייקאב שניידער, טשערמאן פון דער באארד אוו דירעקטארס, וועלכער געפינט זיך אין פלארידא, ערהאלענדיג זיך פון א קראנקהייט; און פון בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער פון לאקאל 117 פון ניו יארק.

א באזונדער שטארקען איינדרוק האט געמאכט אויף אלעמען, ווען דער טאסט־מאסטער האט פארן עולם פארגעשטעלט א גרופע איטאליענישע קלאוקמאכער, מיטגלידער פון לאקאל 80, וועלכע ארבייטען אין דעם איטאליענישען קלאוק שאפ פון קארניסעלי. די איטאליענישע קלאוקמאכער זיינען געקומען מיט זייערע פרויען צו באטייליגען זיך אין דעם באנקעט פון זייערע אידישע ברידער. דאס איז געווען א שיינע דעמאנסטראציע פון ברידערליכער איינינקייט און די מיטגלידער פון לאקאל 56 האבען זיי אויפגענומען מיט א באגייסטערטער אוואציע.

נאך דעם געשמאקען סאפער האט דער עולם פארבראכט טאנצענדיג ביז שפעט אין דער נאכט.

# בילדונגס און פארוויילונגס־טעטיגקייטן אין אונזערע יוניאנס

## שפאצירען פון עדיוקיישאנאל דעפארט־מענט פון דער אינטערנעשאנאל

די שפאצירען זיינען א קורס אין סאציאלאגיע, מאדערנער אינדוסטריע, קונסט, וויסענשאפט און שטאטישע אנשטאלטען. די שפאצירען ווערען אנגעפירט פון פעהיגע לערער וועלכע ערקלערען די היסטארישע און געזעלשאפטליכע באדייטונג פון די פלעצער וואס ווערען באזוכט.

שבת, פעברואר דעם 3טען, צווי אזייגער בייטאג. מוזעאום פון דער שטאט ניו יארק, פינפטע עוועניו צווישען 103 און 104 סטריט. נעמט לעקסינגטאן עוועניו סאבוועי צו הונדערט און דריטע סטריט סטיישאן. מיר טרעפען זיך אין דער געבידע.

שבת, דעם 10טען פעברואר, עלף אזייגער אין דער פרי — אין סיטי האל. מיר הויבען אן דעם שטודיום פון א מאדערנער שטאט פארוואלטונג. אי. אר. טי. אדער ב. מ. טי. סאבוועי אדער דריטע עוועניו עלעווייטעד צום סיטי האל סטיישאן. מיר טרעפען זיך אין גאווערנאר'ס צימער.

## אונזערע סאשעל עדיוקיישאנאל צענטערס

מיר הויבען אן דאס נייע יאר מיט אינטערעסאנטע וויכטיגע פראגראמען אין אונזערע בילדינג צענטערס. די גימנאסטישע איבונגען צוםביישפיל וועלען איינשליסען לעקציעס אין טאנצען פאלקס־טאנץ און מאדערנע טענץ; זינגען; קאלעסטעניקס; בעסקעט און האנט־באל; פינג פאנג און אנדערע שפילען; לערנען שווימען פאר אנפאנגער און דייוועס פאר די וואס קענען שווימען. די אלע טעטיגקייטען ווערען אונטערריכט פון פעהיגע לערער.

אונזערע דיסקוסיעס איבער אזוינע אינטערעסאנטע געגענשטאנדען ווי דראמע, מוזיק, מאוויס, ליטעראטור, לויפענדע פאסירונגען, פונקציעס, פראבלעמען און פאליסיס פון אונזער אינערנעשאנאל און פון דער ארבייטער באוועגונג בכלל ווערען אנגעפירט פון פעהיגע לעקטארס.

אונזער פראגראם איז אזוי איינגעארדענט אז עס זאל העלפען אנטוויקלען דעם קערפער און גייסט פון די מיטגלידער, אונזערע צענטערס זיינען אין פאלגענדע פלעצער:

איסט מאנהעטען — דזשוליא ריטשמאן היי סקול, 2טע עוועניו און 68טע סטריט. יעדען דאנערשטאג פון האלב נאך פינף ביז צען אין אווענט.

איסט הארלעם — העקשייר פאונדיישאן, 104טע סט. און 5טע עוועניו. דינסטאג פון 7:15 ביז 10:30 אווענט.

בראנקס — טעאדאר רוזוועלט היי סקול, פארדהאם ראוד און וואשינגטאן עוועניו. פרייטאג פון האלב נאך זיבען ביז האלב נאך צען אווענט.

איסט ניו יארק — טהאמאס דזשעפערסאן היי סקול, פענסילוועניע און דומאנט עוועניו. דינסטאג פון האלב נאך זיבען ביז האלב נאך צען אווענט.

בענסאנהוירסט — ניו יוטהרעכט היי סקול, 79טע סטריט און 16טע עוועניו, ברוקלין. דאנערשטאג פון האלב נאך זיבען ביז האלב נאך צען אווענט.

מיטגלידער ווערען געבעטען צו באזוכען און אנשליסען זיך אן דעם בילדונגס צענטער אין געגענט וואו ער אדער זי וואוינען. ברענגט מיט אייערע מיטארבייטער.

## יערליכער באל פון סקוירטמאכער יוניאן לאקאל 23

די סקוירטמאכער יוניאן לאקאל 23 וועט האבען איר יערליכען באל אין מאנהעטען סענטער, שבת אווענט, דעם 16טען מארטש. לואיס ריעס, מענעדזשער פון לאקאל, באריכטעט אז מען ערווארטעט עס זאל זיין אן אויסערגעוויינליכע אונטערנעמונג. גאנצע שעפער האבען שוין באצייטענס באשטעלט טיקעטס.

## טראק דרייווערס יוניאן באל מארטש 23

סאול מעץ, מענעדזשער פון דער טראק דרייווערס און העלפערס יוניאן לאקאל 102, אנאנסירט, אז די זיבעטע יערליכער אונטערהאלטונג און באל פון דעם לאקאל וועט דאס יאר געהאלטען ווערען דעם דריי און צוואנציגסטען מארטש און וועט זיין באזונדערס רייך אין די קרעפטען וואס וועלען אנטייל נעמען.

## אונזערע אקטיארען פון „פינס און נידעלס" ווערען שוין אנערקענטע שוישפילער

זיבען פון אונזערע אקטיארען וואס שפילען אין די „נייע פינס און נידעלס" האבען זיך שוין דערדינט צו ווערען פולע מיטגלידער פון דער אקטיארען יוניאן, די עקוויטי, מיט אלע רעכטען און פריווילעגיעס. די רולס אין דער אקטיארען יוניאן געבען שטים-רעכט בלויז סעניאר מעמבערס. דאס הייסט איינער וועלכער איז א מיטגליד פון דער יוניאן וויניגסטענס צוויי יאר און האט געשפילט אויפן סטעידזש לכל הפחות 50 וואכען. אכט פון די „פינס און נידעל" שפילער האבען שוין דעם סטאטוס. זיי זיינען: אל איבען, פאול סעימאור, היי גארדנער, מארעי מאדיק, אל ליווי, מילדרעד וויין, רות רובינשטיין און אנא בראון, וועלכע האט פריער געשפילט אין „פינס און נידעלס" און איז איצט אין קאליפארניע.

דאראטהי העריסאן און דער כאר פון „מני מני תקל ופרסין", דער נייער נומער פון דער לייבאר סטעידזש רעוויו פינס און נידעלס, האבען געזונגען דעם בארימטען נומער אויף דער נ. ב. סי. ראדיא פראגראם, זונטאג דעם 28טען יאנואר.

בוירני גולד און פאול סעימאור זיינען שוין אריין מיט זייער שפילען אין די הויכע פענסטער. זיי טרעטען אויף צום ערשטען מאל אין א נאכט קלוב. זונטאג דעם 21טען יאנואר זיינען זיי אויפגעטראטען אין א פאר אייגענע אקטען אין ווילעדזש וועינגארד.

הכלל, איצט לוינט זיך זיכער פאר אונזערע מעמבערס צו גיין זען פינס און נידעלס נאך אמאל. שוין ניט ריידענדיג אז די וואס האבען עס נאך ניט געזען (אויב עס זיינען נאך דא אזוינע) מוזען עס אוודאי און אוודאי זען.

## ארבעטער פון „פרינס און בידערמאן" גיבען 1,000 דאלאר פאר פליכטלינגע

די ארבעטער פון דער גרויסער קלאוק־פירמע: פרינס און בידערמאן" פון קליוולאנד, אהייא, האבען אריינגעשיקט א טשעק אויף טויזענט דאלאר צו פרעזידענט דובינסקי אלס זייער ביישטייערונג פאר'ן פאנד צו העלפען די פליכטלינגע.

ביי דער „פרינס און בידערמאן" פירמע ארבעטען כמעט אויסשליסליך קריסטליכע ארבעטער. ווען די אינטערנעשאנאל האט אבער ארויסגעשיקט איר אפיל צו אלע לאקאלס בייצושטייערען צום נאן־סעקטעריען רעליף פאנד פאר פליכטלינגע, האבען זיך אט די קריסטליכע ארבעטער אפגערופען פונקט אזוי ברייטהארציג און גערן מיט זייער הילף ווי אלע אנדערע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל. זיי האבען דערמיט באוויזען, אז אין דער אינטערנעשאנאל יוניאן זיינען די מיטגלידער פון אלע פעלקערשאפטען און אפשטאמען פארברידערט און ביי זיי איז נישטא קיין אונטערשייד פון נאציאנאליטעט, גלויבען אדער ראסע.

די „פרינץ און בידערמאן ארבעטער האבען זייער אייגענע לאקאל יוניאן. דעם טשעק אויף די טויזענט דאלאר האט צוגעשיקט דער מענעדזשער פון לאקאל, אלבערט באקאי, וועלכער איז אליין געוועזן העד קאטער פון דער פירמע. אין זיין צושריפט צו פרעזידענט דובינסקי צוזאמען מיט'ן טשעק מעלדעט ער, אז בוכשטעבליך יעדער איינער פון דער פירמע — די ארבעטער, די אנגעשטעלטע און אויך דער אייגענטימער — האבען בייגעשטייערט זייער חלק צום פאנד.

## קארסעט ארבעטער זאמלען 50 דאלאר פאר פינלאנד

די קארסעט ארבייטער פון דער „אימפיריאל מאנופעקטשורערס קאמפאני" האבען צווישען זיך געזאמעלט פופציג דאלאר פאר הילף פאר פינלאנד און האבען עס איבערגעגעבען דעם מענעדזשער פון זייער יוניאן אייבראהאם סניידער. די געלט האבען זיי געזאמעלט ביי א ניי־יאר פארטי און האבען דעם טשעק געבראכט אין אפיס פון דער קארסעט און בראזיר ארבייטער יוניאן לאקאל 32 פון דער אינטערנעשאנעל.

## לעקציעס פון אפערייטארס לאקאל 117 פאר'ן מאנאט פעברואר

פאלגענדע לעקציעס זיינען איינגעארדענט געווארען פאר זונטאג'ס צוועלף אזייגער בייטאג, אין די פארשיידענע געגענדען פון שטאדט וואו די קלאוק אפערייטארס וואוינען.

### זונטאג, דעם 4טען פעברואר

בארא פארק — 1377—42טע סט., נעבען 14טע עוועניו, אין לייבאר לייסעאום.
קוני־איילאנד — 2812 מוירמעיד עוו., נעבען 28טע סט.
בראנקס — 991 סאוטערן בולווארד, נעבען 163טע סט. האנטס פאינט געגענט.
בראנזוויל — 1703 פיטקין עוו., נעבען ראקאוועי עוו. פועלי־ציון העדקוואדערס. — ביי דער לעקציע וועט אויפטרעטען אונזער קינדער מאנדאלין ארקעסטער.

### זונטאג, דעם 11טען פעברואר

בראנקס — 1955 סאוטערן בולווארד, נעבען טרימאנט עוו. ביי דער לעקציע וועט אויך אויפטרעטען אונזער קינדער מאנדאלין ארקעסטער.
איסט ניו יארק — 971 סוטער עוו., נעבען קליוולאנד עוו.

### זונטאג, דעם 18טען פעברואר

בארא פארק — 1377—42טע סט., נעבען 14טע עוו., אין לייבאר לייסעאום.
קוני איילאנד — 2812 מוירמעיד עוו., נעבען 28טע סט.
בראנקס — 991 סאוטערן בולווארד, נעבען 163טע סט. האנטס פאינט סעקשאן.
בראנזוויל — 1703 פיטקין עוו., נעבען ראקאוועי עוו. פועלי ציון העדקוואדערס.

### זונטאג, דעם 25טען פעברואר

בראנקס—1955 סאוטערן בולווארד, נעבען טרימאנט עוו.
איסט ניו יארק — 971 סוטער עוו., נעבען קליוולאנד עוו.

צווישען די לעקטארס היינטיגען מאנאט וועלען זיין: בענדזשאמין קאפלאן, דער מענעדזשער פון אונזער לאקאל 117; דזשייקאב דזש. העלער, מענעדזשער פון ריפער דעפארטמענט און וויס־פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל; נ. מינקאף, אנגעזעהענער ארבעטער־פיהרער, געוועזענער אסעמבלימאן; סיימאן פארבער, מיטארבעטער פון דער „גערעכטיגקייט", און א צאל אנדערע פראמינענטע פערזענליכקייטען.

## אפען פארומס

אפען פארומס אין לאקאל אפיס, 242 וועסט 36טע סטריט, וועלען אפגעהאלטען ווערען אין די פאלגענדע דאטומס.

**שבת, 11 אזייגער פרי, 10טען פעברואר**
**מיטוואך איינס אזייגער בייטאג, פעברואר 21**

מיר רופען אונזערע מיטגלידער צו באזוכען די לעקציעס און אפען פארומס.

עקזעקוטיוו באארד לאקאל 117 א. ל. ג. וו. י.
ב. באדלענדער, טשערמאן
בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער
עדיוקיישאנאל קאמיטע לאקאל 117
מ. פיינבערג, טשערמאן
א. גלאמשטיין סעקרעטאר.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
76 Montgomery St., Jersey City, N. J.

General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXII. No. 2. [illegible] February, 1940

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXII. No. 3. Jersey City, N. J., March, 1940 Price 10 Cents

## דער סטאפּעדזש אין די ברוקלינער קלאוק שעפּער

דער ערפאלגרייכער סטאפּעדזש וואס דער דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן האט דורכגעפירט אין די קלאוק שעפּער פון ברוקלין, איז זייער א גוטער באווייז, אז די צייט איז געווען שוין לאנג רייף, אז ער זאל געמאכט ווערן.

ברוקלין איז אן אלטע וואונד פון דער קלאוקמאכער יוניאן. עס איז געקומען אזוי ווייט, אז מאנכע האבן אנגעפאנגען טראכטן, אז עס איז א וואונד, וואס קען ניט אויסגעהיילט ווערן און עס איז אומזיסט די מיה און די קאסטן עס צו פּראבירן היילען.

דאס איז אבער געווען א פאלשער שטאנדפּונקט. ווען אפילו עס זאל שוין זיין זיכער, אז עס איז א כראנישע וואונד, וואס קען ניט אויסגעהיילט ווערן, טאר מען עס אויך ניט פארלאזן, ווייל עס קען ווערן ערגער. נאר ווער קען עס האבן די זיכערקייט צו זאגן, אז עס קען ניט אויסגעהיילט ווערן? איינער קען בלויז זאגן, אז ברוקלין איז א וואונד, וואס איז שווער צו היילן, אבער דאס קען בלויז מיינען, אז מען דארף מאכן מער אנשטרענגונגען, אז מען דארף אנווענדן עקסטרא מיטלען עס צו היילן, אבער קיינער האט ניט געהאט קיין בארעכטיגונג צו זאגן, אז עס איז אנהיילבאר.

נאר מען דארף אויך ניט ווערן צו אפּטימיסטיש און גלייבן, אז דער ערפאלגרייכער סטאפּעדזש אין ברוקלין האט אויפגעטאן וואונדער און האט אויסגעהיילט די וואונד. עס איז נאך ווייט פון דעם. מען דארף נאך היילן און היילן ביז עס וועט אין גאנצן געזונט ווערן. עס איז בלויז געמאכט געווארן א גוטער אנפאנג. און לויט דעם ווי די ארבייטער פון די שעפּער האבן זיך אנגערופן און זייער גרייטקייט, וואס זיי האבן ארויסגעוויזן צו פאלגן די יוניאן, קען מען האפן, אז די באמיאונגען צו ברענגען ארדנונג אין די קלאוק שעפּער פון ברוקלין וועלן ברענגען די געווינשטע רעזולטאטן.

לויט דער צאל ארבייטער — נאהענט צו 7 טויזענד — וואס די ברוקלינער קלאוק שעפּער באשעפטיגן, איז ברוקלין א העכסט וויכטיגער פאקטאר אין דער קלאוק אינדוסטריע און קיין אנשטרענגונג קען ניט באטראכט ווערן פאר צו גרויס און צו קאסטבאר אויפצוהאלטן דארטן א שטרענגע קאנטראל פון דער יוניאן.

דער סטאפּעדזש האט געגעבן דער יוניאן א געלעגענהייט אריינצוקוקן טיפער אין די ברוקלינער קלאוק שעפּער און זיי אויסצולופטערן אביסעל. די ווייטערדיגע ארבייט וועט איצט זיין לייכטער און מיר האפן, אז זי וועט געטאן ווערן מיט דער גאנצער ענערגיע און אן אן אפּרוה ביז עס וועט דערגרייכט ווערן דער פולער ערפאלג.

## פּראבלעמען פון דער דרעסמאכער יוניאן.

געווען א מאל א צייט, ווען אלע פּראבלעמען האבן זיך קאנצענטרירט אין דעם קלאוק טרייד. אין דער לעצטער צייט אבער זעט עס אויס, אז דער דרעס טרייד האט זיך אין דעם פּרט פון פּראבלעמען אנגעפאנגען אויסגלייכן מיט דעם קלאוק־טרייד. מאנכעס מאל זעט עס אויס, אז ער פּראבירט אים נאך איבעריאגן.

די דרעס אינדוסטריע איז רייך אויף גרויסע צרות. איר גרעסטע צרה איז די קאנקורענציע פון די ביליגע דרעסעס געגען די טייערע און פון די נאך ביליגערע געגען די ביליגע.

„אוט־אוו־טאון" איז אן אלטע צרה און א גוטע בעקאנטע און עס איז דעריבער ניט נייטיג וועגן איר זיך אפּצושטעלן. זי איז ביי די דרעסמאכער פּונקט אזא צרה ווי ביי די קלאוקמאכער. אבער עס איז פאראן א תלמודיש ווערטעל, אז די נייע צרות מאכן פארגעסן די אלטע. די נייע צרה איז די קאטען דרעס.

די קאטען דרעס איז אמאל געווען ניט מער ווי א הויז־דרעס. פריער איז זי אויך דאס ניט געווען. עס איז געווען א פארטוך וואס האט אויסגעזען ווי א דרעס. עס איז ממילא געווען א בגד, וואס האט ניט קאנקורירט מיט דער ארבייט פון די דרעסמאכער. איצט איז עס אבער גאנץ אנדערש. די קאטען דרעס האט זיך אנטוויקלט און איז געווארן א רעגולערע דרעס אין וועלכער מען קען אויך ארויסגיין אין גאס און ניט בלויז טראגן ביי דער ארבייט אין הויז אדער ארום הויז. די קאטען דרעס האט אויף אזא אופן אנגעפאנגען קאנקורירן מיט דער ביליגער סילק דרעס. איר קאנקורענץ איז געווארן נאך גרעסער, ווען זי האט צו א גאנץ גרויסן טייל איינגאנצן אויפגעהערט צו זיין א קאטען דרעס, נאר איז געווארן א רעיאן דרעס.

די אנטוויקלונג פון כעמיע, וואס האט געשאפן אזוי פיל נייע פּראדוקטן און האט געבראכט אזוי פיל ענדערונגען אין פארשידענע אינדוסטריען, האט אויך ניט אויסגעלאזן די נאדעל אינדוסטריע. רעיאן איז איינער פון די דאזיגע כעמישע פּראדוקטן. מען האט עס אנפאנגס גערופן קינסטליכע זייד און עס פארדינט דעם נאמען, הגם עס איז פולשטענדיג א גאנץ אנדערער מאטעריאל ווי אמת'ע זייד. די טעכנישע אויסארבייטונג פון רעיאן האט זיך אזוי אנטוויקלט, אז די בעסערע סארטן איז שווער צו אונטערשיידן פון אמת'ער זייד. רעיאן איז דעריבער געווארן זייער א שטארקער קאנקורענט פון זייד. אבער וועגן דעם האבן פריהער בלויז געדארפט זארגן די פּראדוצירער פון זייד און פון די ארבייטער, וואס זיינען באשעפטיגט ביי דער פּראדוקציע פון זייד. לעצטענס אבער האבן אויך די דרעסמאכער געמוזט אנפאנגען זארגן וועגן דער קאנקורענציע פון רעיאן. און דאס איז וועגן דעם ביליגן סארט רעיאן, פון וועלכן די קאטען דרעס־מאנופעקטשורערס מאכן איצט „קאטען דרעסעס".

נאר עס איז קיין אונטערשייד ניט צי מען רופט עס רעיאן דרעסעס אדער קאטען דרעסעס. דער עיקר איז, וואס דורך זיי נעמט מען אוועק ארבייט פון די דרעסמאכער. ביז ניט לאנג צוריק זיינען רעיאן דרעסעס געמאכט געווארן אין רעגולערע דרעס שעפּער, און היינט מאכט מען א גרויסן טייל פון זיי אין קאטען דרעס שעפּער, וואו דער פּרייז פאר ארבייט איז א סך נידעריגער.

די מייסטע קאטען דרעס שעפּער געפינען זיך „אוט אוו טאון", און אין דעם פּרט איז דער „אוט אוו טאון" זייער א גרויסער. ער איז פארשפּרייט כמעט איבער גאנץ אמעריקע. א סך פון די קאטען דרעס שעפּער געפינען זיך אין אזעלכע ערטער, וואו די האנד פון דער אינטערנעשאנעל האט זיי פריער אפילו ניט דערגרייכט. און שפּעטער, ווען די האנד פון דער אינטערנעשאנעל האט זיי שוין יא דערגרייכט און האט אנגעפאנגען א קאמף זיי צו ארגאניזירן, האט זיך דער קאמף ארויסגעוויזן צו זיין א גאנץ שווערער. מייסטענס זיינען עס גרויסע שעפּער, וואס זייערע באלעבאטים זיינען פעט געווארן פון דער עקספּלואטאציע פון ניט־יוניאן ארבייט פאר א סך יארן. די ארבייט איז אין זיי שטארק מעכאניזירט, די פּראדוקציע זייער גרויס און דער ארבייטס־לוין זייער קליין. נאר ווי שווער דער קאמף איז געווען, איז ער דאך צום גרעסטן טייל געווען ערפאלגרייך. א גאנץ גרויסער טייל פון דער קאטען דרעס אינדוסטריע איז היינט ארגאניזירט און געפינט זיך אונטער יוניאן קאנטראל. אבער מען קען זיך דאך ניט באַרויִקן און זאגן, אז דער גאנצער קאטען דרעס טרייד איז ארגאניזירט. א גאנץ באדייטענדער טייל איז נאך ניט ארגאניזירט.

עס איז קלאר, אז דער איינציגער מיטעל, וואס די יוניאן האט אין אירע הענט צו באקעמפן אט די רואינירנדיגע קאנקורענץ פון די קאטען דרעס שעפּער, איז ארגאניזירן זיי און איינפירן אין זיי יוניאן באדינגונגען. עס איז אמת, אז אפילו יוניאן באדינגונגען קענען ניט זיין פולשטענדיג גלייכע איבער'ן גאנצן לאנד. עס מוזן גענומען ווערן אין באטראכט די לאקאלע צושטענדן. מען דארף אויך ניט פארגעסן, אז אין די שעפּער וואו די ארבייט איז מער מעכאניזירט זיינען די קאסטן פון פּראדוקציע קלענער. אבער אויב עס איז ניט מעגליך אפּצושאפן די קאנקורענציע אין גאנצן, איז דאך מעגליך איר צו רעגולירן ווען די אינדוסטריע איז אין גאנצן ארגאניזירט.

די קאנפערענץ, וואס די אינטערנעשאנעל האט לעצטענס אפּגעהאלטן אין ניו יארק וועגן דער סיטואציע אין דער דרעס אינדוסטריע, האט דעריבער געקענט קומען בלויז צו איין שלוס, אז מען דארף אנפאנגען א שטארקערן ארגאניזאציאנס קאמף אין דער קאטען דרעס אינדוסטריע, כדי צו ארגאניזירן די נאך ניט ארגאניזירטע.

עס איז א קאמף וואס פאדערט א סך כוחות און א סך קאסטן אבער ער מוז געפירט ווערן ביז ער וועט געוואונען ווערן.

## יוניאן און געזונט.

דער געזונטהייטס דעפּארטמענט פון דער שטאט ניו יארק האט אויסגערעכנט, אז צווישן די מיטגלידער פון דער דרעס־מאכער יוניאן, וואס זיינען באשעפטיגט אין די דרעס־שעפּער פון ניו יארק, איז די צאל, וואס ליידן פון טובערקולאז פיל קלענער ווי צווישן דער אלגעמיינער באפעלקערונג פון ניו יארק. ביי די דרעס־מאכער פון ניו יארק, דערצעהלט דער ניו יארקער געזונדהייטס דעפּארטמענט, ליידט בלויז איין פערזאן פון 150 פון טובערקולאז, און דאס איז בלויז כמעט א העלפט אין פארגלייך מיט דעם פּראצענט טובערקולאז־ליידנדע פון דער גאנצער ניו יארקער באפעלקערונג. לויט דער באהויפּטונג פון הערבערט עדווארדס, דער דירעקטאר פון דער טובערקולאז ביורא, דארף מען די קליינע צאל טובערקולאז ליידנדע צווישן די מיטגלידער פון דער דרעס מאכער יוניאן פארדאנקען הויפּטזעכליך דעם געזונדהייטס פּראגראם פון דער דרעס מאכער יוניאן און דעם יוניאן העלטה צענטער פון דער אינטערנעשאנאל.

עס דארף באמערקט ווערן, אז די אויבן דערמאנטע אויסרעכענונגען פון ניו יארקער געזונטהייטס־דעפּארטמענט זיינען הויפּטזעכליך באזירט אויף די ציפערן פון לאקאל 22 פון דער דרעסמאכער יוניאן. לאקאל 22 האט געלאזט עקזאמינירן אין יוניאן העלטה צענטער א גאנץ גרויסע צאל פון זיינע מיטגלידער און ער פאסט אויף, אז די אנגעגריפענע פון טובערקולאז זאלן גלייך ארויסגענומען ווערן פון די שעפּער און אוועקגעשיקט ווערן אין סאניטאריומס פאר טובערקולאזע דארטן געהיילט צו ווערן.

מיר דארפן אבער זאגן, אז מער ווי אלץ איז די קליינע צאל טובערקולאז קראנקע ביי די דרעסמאכער, ווי אויך ביי די ארבייטער פון די אנדערע טריידס, וואס זיינען ארגאניזירט פון דער אינטערנעשאנאל, צו פארדאנקען די יוניאן באדינגונגען, וואס זיינען אויסגעקעמפט געווארן אין די שעפּער.

טובערקולאז האט זיך אמאל גערעכנט פאר א פּראלעטארישער קראנקהייט. עס זיינען געווען די ארבייטער, וואס האבן צוגעשטעלט די גרעסטע צאל טובערקולאז קראנקע. די ארבייטער פון דער נאדעל־אינדוסטריע זיינען געווען פון די ערשטע אין דער רייה. עס איז געווען צום גרעסטן טייל א סוועט שאפּ אינ־